№ 20.

צווייטער יאהרגאנג

# יודישע
# פאלקס־צייטונג.

13 Mai 1903.

פערלאג „פאלקס־בילדונג" ווארשא.

ט"ז אייר תרס"ג.

## נדבות

(דורך די אדמיניסטראציאן אין קראקוי לטובת הקופה הלאומית).

החתן יוסף צווייבאמאהן והכלה רחל הערניש לזכרון יום כואם בבהית האירוסים נדבו 1.50 רובל; אחות חכלה ציפה הערניש 30 ק'; א. שערמאהן 20 ק'; ליב אמערמאהן 15 ק' ואחר נכיון דמי הפורטא נשאר 2 רובל.

נאסף מ„צעירי ציון" בסעדלעץ ע"י זלמן גרינפארב 1 רובל, עבור האוצר הלאומי. לטובת אלמנתו ויתומיו של הסופר המנ"ח ר. א. ברוידעס מאת אליהו האלצמאנן 50 קאפ'.

## פון דער אדמיניסטראציע.

די אגענטען ביי וועלכע מען קאן אויסשרייבען די „יודישע פאלקסצייטונג" מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום-עליכם", אונ אויך מודעות (אנאנסען) אויפגעבען:

(פארטזעצונג)

סאראקי:
ה' ש. הוללס (Соборная ул.)

סוויסלאטש:
ה' י. ח. קאצענעלענבויגען.

סטאראקאנסטאנטינאוו:
ה' מ. מ. ראבינאוויץ.

סימפעראפאל:
ה' מ. מ. זאגאראדסקי, מו"ס.

סלאנים:
ה' י. רעזיניקאווסקי, מו"ס.

סמאלענסק:
ה' א. איזראעליטין (שלל"פ)

פאלאצק:
ה' ש. האפפענשאפפער, מו"ס.

פאלטאווע:
ה' מ. בארוכאוו (Всевятская ул.)

פינסק:
ה' מ. קאלאדני;
ה' ש. זילבערפפעניג, מו"ס;
ד"ר א. ליכטענשטיין.

פעטערבורג:
ה' א. פ. קרושצאנסקי Офицерская 41, кв, 29

צערניגוב:
ה' א. י. מאריאמאוו, מו"ס.

קאבעליאקי:
ה' ש. שיינקמאן.

קאנא:
ה' א. באלאשער, מו"ס;
ה' ל. מאיראוויץ, מו"ס;
ה' י. אניקשט.

קאוועל:
ה' ה. געללער.

קאזאטין:
ה' מ. סאלידאר.

קאלאראש:
ה' י. ציפלעשטער.

קעלעץ:
ה' דיזענהויז.

קאלווארי:
ה' י. ל. אראנאוויץ.

קאנאטאפ:
ה' ב. פראדקין.

קאסטיוקאוויצי:
ה' בצלאל ליפקין.

קופישאק:
ה' י. י. מוזיקאנט.

קיוב:
ה' י. פוטאריאנסקי;
ה' י. שעפטעל, מו"ס;
ה' א. מעשביין (Почаевская 41)
ה' י. ווייסבערג (שלל"פ)
ה' ש. ראבינאוויץ (שלום עליכם).
ה' מ. גוזמאן.

קישינוב:
ה' ב אסטטאווסקי;
ה' ב. ד. פאטין;
ה' מ פינקעלשטיין.

קריוואיראג:
ה' י. קארלין (שלל"פ).

קרינקי:
ה' ל. פורי.

קרעמענצוג: (קריוקאוו)
ה' ט. שליאנסקי (שלל"פ)
ה' מ. קאפלאן.

ראדאם:
ה' א. צוקער.

ראוונא:
ה' ז. קניאזשער, מו"ס.

ראזיישצע:
ה' י. חייט.

ריפין:
ה' ש. מ. זילבערשטיין.

רישקאנאווקא:
ה' א. ריאבאיי.

ריגא:
ה' ד. רעמיגאלסקי.

ראסטאוו ע"נ דאן:
ה' שערשעווסקי, מו"ס.

ראסלאוול:
ה' א. ש. פאטאשניקאוו.

רעזשיצא:
ה' ב. שערשעווסקי, מו"ס.

רעציצא:
ה' דובער פריינקיל, מו"ס.

שפאלא:
ה' מ זשיוו.

שצעדרין:
ה' מ. גארעליק.

בריגא ובנפות הכאלטי:
הסוכן הכללי ה' י. ח. טביוב (Рига, Парковая 6)

בארץ ישראל:
הסוכן הכללי: ה' י. גרזובסקי.

(ענדע קומט).

אבאנאמענטס־פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב־יעהרליך 2 רובל
פיערטעל־יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 5 רובל; האלב־יעהרליך 3 רובל, פיערטעל־יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים איינשרייבען 2 רובל, דעם 1־טען אפריל 1 רובל, 1־טען יולי 1 רובל אונ דעם 1־טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 80 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

# יודישע
# פאלקס־צייטונג
## א וואכענבלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.



די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушiя" Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ"
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואחנונג 9.

די אדרעסע פאר עסטרייך־אונגארן אונ אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung"
Krakau, Sebastyangasse 32.

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 10 קראנען.
האלב־יעהרליך . . . . 5 "
פיערטעל־יעהרליך . . . 2.50 "
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלב־יעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעל־יעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.

ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

13 Mai 1903. Nr. 20. ט"ז אייר תרס"ג.

די רעדאקציע „יודישע פאלקס־צייטונג" איז מודיע, אז זי איז צונעטרעטען ארויסצוגעבען א זאמעל־בוך (סבארניק) מיט דעם נאמען

# „הילף"

## די גאנצע הכנסה פון דעם סבארניק וועט

## געהן פאר די פעראומגליקטע יודען אין קישינוב.

אין דעם סבארניק וועלען אריינקומען זאכען פון די **בעסטע יודישע שריפטשטעלער**, וואס שרייבען זשארגאן אונ העברעאיש אונ אויך די וואס שרייבען אין איירָאפעאישע שפראכען, וואס וועלען פון דער רעדאקציע איבערזעצט ווערען אין זשארגאן.

אויך וועלען אריינקומען אין דעם זאמעל־בוך **אילוסטראציעס פון בעריהמטע יודישע קינסטלער.**

די רעדאקציע וועט זיך געבען אלע מיהע, אז די הוצאות פון דעם זאמעל־בוך זאל זיין ווינציגער אונ ער זאל פונדעסטוועגען ארויסקומען שען געדרוקט, אויף גוט פאפיער אונ מיט א רייכען אינטערעסאנטען אינהאלט.

## דער פרייז פון סבארניק איז 1 רובל מיט פארטא.

מיר בעטען יעדען יודען, וואס פיהלט מיט דעם גרויסען אומגליק פון זיינע קישינוב'ער אומגליקליכע ברידער, זאל דעם פרייז **אריינשיקען צום גיכסטען**, ווייל די פעראומגליקטע קישינוב'ער יודען דארפען **באלדיגע הילף**. הילף איז שטענדיג נייטיג, נאר די זעלבע הילף, אז זי קומט אין דער צייט הייסט צוויי מאל געהאלפען.

דאס געלד וואס מען וועט צושיקען פאר דעם זאמעלבוך „הילף" וועט יעדע וואך געדרוקט ווערען אין אונזער צייטונג. — דעם חשבון פון דער הכנסה מיט דער הוצאה פון סבארניק וועלען מיר אין דער צייט מודיע זיין אין אלע יודישע צייטונגען.

**רעדאקציע „יודישע פאלקס־צייטונג".**

דעם פרייז פאר דעם סבארניק דארף מען צושיקען אויף די אדרעסע פון אונזער רעדאקציע:

Verlag „Tuschijah", Warschau
Nowolipki 7.

Издат. „Тушiя" Варшава
Новолипки 7,
для „Фолксбилдунгъ"



# אויף דער הייסער שעה.

די לעזער וועלען איין' היינטיגען נומער געפינען די אלע „רציחות, וואס עס איז פארגעקומען אין קישינוב אויף די דארטיגע יודען. דאס הארץ פלאטערט אונ ציטערט, פון דעם אלעמען וואס מען לייענט אונ נאך מעהר ווען מען הערט דערצעהלען פון די וואס זיי האבען די אלע רציחות צוגעזעהען אונ אליין עס איבערגעטראגען. הערענדיג דערצעהלען וועגען די פרויען אונ קינדער, וועגען זייערע דערהרג'ע־טע אדער צעוואונדעטע מאנען אונ טאטעס, וועגען זייערע איינציגע שפייזער, צוזעהענדיג ווי די נעכטיגע בעלי־הבתים שטעהען איצטער שטום אהן לשון מיט אבגעלאזטע הענט געבען זייערע חרבות, ווייסט זיך אליין ניט אויף דער הייסער שעה ווי אזוי צו זאגען חאטש א טרייסט־ווארט.

דער קאפ איז ווי צעמישט, פאר די אויגען איז עפיס א פינ־סטערע געדיכטע חמארע, אין די אויערען זשומעט, מען הערט ניט, מען זעהט ניט אונ פארשטעהט איינגענטליך ניט אויף דער הייסער שעה וואס איז דאס אזוינס פארגעקומען.

בעסאראבער יודען האבען ערשט ניט לאנג אנגעהויבען עסען צו זאט א שטיקל ברויט נאך דעם צוויי יאהרעדיגען שרעקליכען הונגער, וואס האט דארט געהערשט. ערשט ניט לאנג זענען זיי אויפגעשטא־נען פון דער הונגער־קרענק, וואס טראגט דעם נאמען „צינגא". פיעל האבען נאך ניט פארגעסען די יודישע נפשות, וואס די דאזיגע הונגער־קרענק האט ביי זיי צוגענומען.

אין אונזערע אויערען קלינגען נאך די שרעקליכע „קול קורא'ס", פון די פעטערסבורגער, אדעסער אונ קישינובער קאמיטעטען צו העל־פען די בעסאראבער יודען, זיי זאלען ניט שטארבען פאר הונגער.

הילף! הילף! „ברויט ברויט, גיט אונז ברויט", זענען נאך געלא־פען די אגענטען, וואס פארשידענע יודישע קאמיטעטען האבען געשיקט קיין בעסאראביע, בארוועסע נאקעטע קינדער, אונ דערוואקסענע מענשען.

די אלע געשרייען האבען מיר געהערט ערשט נישט לאנג, צוריק מיט צוויי דריי יאהר אונ איצטער שוין ביים ערשטען צווייטען אורואזשאי אין בעסאראביע, ווען ביי יעדען איז נאך ניט פארהיילט געווארען די אלטע וואונדען פון די הונגער־יאהרען, ווען מען האט געהאפט חאטש היינטיגס יאהר עסען צו זאט א שטיקל ברויט, אונ ניט מעהר אנקומען צו נדבות, צו פרעמדע הילף, קומט פאר אין קישינוב די הויפטשטאדט פון בעסאראביע, אזא פאגראם מיט אזוינע רציחות, מיט אזוי פיעל אומגעקומענע יודישע נפשות, מיט אזוי פיעל רויבע־רייען... אונ אלע האפענונגען אויף א בעסער יאהר פאר בעסאראבער יודען האט ווידער אויפגעהערט.

ווען דער קישינובער אומגליק האט געטראפען אלע יודען האט ער נאך צעהן מאל מעהר געטראפען די אלע בעסאראבער שטעדט־לעך, וואס זייער לעבען איז געקניפט אונ געבונדען מיט דעם צענטער פון בעסאראביע—קישינוב. ווען קישינובער יודען זענען פאראומגליקט האט דאס ניט ווייניגער געטראפען אלע בעסאראבער שטעדטלעך, וואו יודען וואהנען.

אויף וועמען זשע האט קרושעוואן מיט זיין חברה אנגערייצט דעם המון? אויף פארהונגערטע, נאך ניט אנגעזעטטע פון גייעם אורואזשאי, יודען, פאר וועלכע מען האט ערשט פאר צוויי יאהרען געקליבען נדבות, אויף צוקויפען פאר זיי ברויט.

אט ביי אזוינע יודישע אומגליקליכע פאמיליעם האט מען אוועקגעהרג'עט אדער פאר אייביגע קאליקעס געמאכט זייערע שפיי־זער, אט ביי אזוינע יודען האט מען צעבראכען די קלייטלעך, די הייזלעך אונ פון די לעצטע קישעלעך, אויף וועלכע זייערע פאר'צרות'־טע קעפ האבען זיך אבגערוהט פון זייער טעגליכען שווערען לעבען, האט מען ארויסגעלאזט די פעדערען...

# פעליעטאן.

## מאשקעלי גנב.

'א ראמאן

פון שלום־עליכם.

(פארטזעצונג).

קאפיטעל ב.

### ער בעווייזט זיך ארוים קליינערהייד.

קינדווייז האט ער דווקא געלערנט אין חדר. דער נביא, חאטש ער איז אליין געווען, ניט אויסגערעדט זאל זיין, א יוד א גנב, האט ער פון דעסטוועגען געוואלט, אז זיין זוהן זאל איהם זיין א „וואהל געלע־רענטער"; ער האט זיך פאר אלעמען באריהמט מ'ט זיין „קדיש", אז ער צאהלט פאר איהם שכר־למוד. דער „קדיש" האט אבער מעהר ליב געהאט די שטאל ווי דעם חדר, אונ א פערדל איז ביי איהם געווען צעהן מאל טייערער פונ'ם רבי'ן להבדיל. דער רבי אליין האט געפונען פאר נייטיג צו זאגען דאס דעם פאטער, אפילו אביסל פארשטעלט.

— רב יונה, איהר מעגט שוין דעמאלט שטארבען ווען אייער זוהן וועט קאנען זאגען קדיש...

דעם פאטער האבען די דאזיגע ווערטער אזוי טיעף דערלאנגט צו דער לעבער, אז ער האט גענומען איין אראפניק אונ געהייסען דעם זוהן זיך לייגען, ער זאל איהם מקיים פסק זיין. דער זוהן האט אבער קיין חשק ניט געהאט פארזוכען דעם טעם פון א רימענעם אראפניק אויפ'ן הוילען לייב, אונ האט זיך אפגעזאגט, ניט געוואלט בשום אופן זיך לייגען.

— לעג זיך! האט איהם דער פאטער געזאגט.

— איך וועל זיך ניט לייגען—האט איהם דער זוהן געענטפערט.

דעמאלט האט איהם דער פאטער געהייסען מיט'ן הארבען ווארט:

— לעג זיך זאג איך דיר!

— איך וועל זיך ניט לייגען האב איך דיר געזאגט.

איז דער פאטער ארוים פון די כלים, איהם געוואלט מיט געוואלד אנידערלייגען. האט זיך דער זוהן ניט געלאזט רירען פונ'ם ארט. א שעה כסדר האט זיך דער פאטער געראנגעלט מיט'ן זוהן, נישט גע־קאנט מאכען מיט איהם גאר ניט. ער האט ארויסגעזעהען, אז ניכער

וואס קענען מיר זאגען אויף דער הייסער שעה, ווען דאס הארץ איז פארגליווערט, אין קאפ זשומעט, און פאר די אויגען איז אזוי פינסטער און פינסטער.

מיט איין זאך קענען מיר זיך אפשר אויף דער הייסער שעה דערווייל טרייסטען, אפשר וועט דאס גרויסע אומגליק, וואס האט אונז געטראפען, אונז יודען אלע פאראייניגען ווי איין מענש מיט איין געדאנק זיך זעלבסט העלפען, אפשר וועט דאס פאראייניגען, ברענגען דערצו, אז צווישען אונז וועט אויפהערען פארשידענע צדדים מיט מחלוקת'ען, דורך וועלכע אונזער יעדע גוטע זאך און ארבייט ליידעט שטענדיג און ווערד אפט אין גאנצען צעשטערט. אפשר וועט דאס גרויסע אומגליק, אונז אויסלערנען, אונז קלוגער מאכען און וועלען אנהויבען ארבייטען פאר אונזער פאלק גאר אנדערש, אהן די פעהלער ווי ביז איצטער און ווען דאס אומגליק וועט אונז דאס ברענגען וועט עס געוויס זיין א גרויסע טרייסט, ווייל דענסטמאל וועלען מיר געוויס קאנען עפּיס טון און זיך העלפען.

יעדעס אומגליק איז דער בעסטער לעהרער ווי זיך בעסער צו מאכען. פון יעדען אומגליק קאנען מיר זיך א סך א סך גוטס און ניצליבעס אבלערנען פאר אונז.

---

# ידיעות פון קישינוב.

די רוסישע צייטונג „נאוואסטי" ברענגט ווייטערע ידיעות פון איהר קישינובער קארעספאנדענט:

עס איז נישטא גענוג ווערטער, נישטא גענוג פארבען צו בעשרייבען, וואס עס האט זיך איבערגעטאן דעם 6־טען און 7־טען אפריל.

דער פאגראם האט זיך אנגעהויבען דעם 6־טען אפריל צום ערשטען מיט אויסהאקען שויבען אין די יודישע הייזער און אויך על פי טעות אין א טייל קריסטליכע הייזער. צוערשט זענען געגאנגען צוויי דריי פון די אנפיהרער און אונטער זיי צוויי דריי צעהנדלינג נאך נישט קיין דערוואקסענע מענשען, געגאנגען זענען זיי לאנגזאם, טריט ביי טריט, אין די קעשעניעס האבען זיי געטראגען שטיינער, וועלכע זיי האבען געשליידערט אין די פענסטער. די פאליציי וואלט לייכט געקאנט נעמען די יונגע לייט, ווען נישט די עלטערע, וואס האבען זיך פאר זיי אנגענומען און זיי נישט געלאזט צונעמען. אזוינע סצענעס האב איך געזעהען זעהר פיעל.

מאנטאג דעם 7־טען אפריל אין דער פריה, בין איך ארויס אויף דער גאס און האב דערזעהען אזא מין סצענע: איין ערך פון 20 ביז 30 מענשען זענען געגאנגען מיט גרויס ליארם און געשרייען אויף מיכאלאווסקי גאס. זיי זענען צוגעקומען צו א יודישע באקאליינע־קראם און האבען אנגעהויבען ברעכען די טיר, פון אינעווייניג האט זיך געהערט מורא'דיגע קולות: „ראטעוועט"! נאר די פאגראמשטשיקעס האבען צעבראכען די טיר און זיך אריינגעשטויסען אין קראם און גענומען ווארפען די סחורות אויף דער גאס. א טייל זאכען האבען זיי צעבראכען, די איבריגע וואס האבען געהאט א גרעסערען ווערט האבען זיי מיטגענומען מיט זיך. אז זיי האבען שוין זייער ארבייט געענדיגט זענען זיי געגאנגען ווייטער.

4 דעם זייגער בין איך ווידער ארויס אויף דער גאס. דורכגעהענדיג די פאליציי־געסל, האב איך געזעהען א בילד פון איין אמת'ן חורבן: אלע יודישע קראמען און הייזער זענען געווען חרוב ומוחרב. קיין לעבעדיגען נפש האט מען נישט געזעהען. אין דער איינער צייט האב איך דערהערט א געפילדער און פייפען פון ווינקעל גאסטינער גאס. איך האב מיך געאיילט אהין און פאר מיינע אויגען האט זיך פארגעשטעלט דאס אייגענע בילד פון אין דער פריה. די פאגראמשטשיקעס האבען „פלייסיג" געארבייט אין די באקאליינע געשעפטען פון די אומגליקליכע יודען. דא האב איך בעמערקט האבען שוין אויך די „באסיאקעס" גענומען איין אנטייל. דינסטאג דעם 8־טען אפריל בין איך געגאנגען בעקוקען די חרוב געמאכטע גאסען. וואס אין האב געזעהען לאזט זיך נישט בעשרייבען. דורכגעהענדיג די ניקא-

---

וועט ער אויפהייבען די שטוב אויף די פלייצעס איידער איינבארען דעם זוהן.

— ווילסט זיך ניט לעגען? — האט איהם דער פאטער א פרעג געטהון דאס לעצטע מאל.

— ניין בשום אופן; האט איהם דער זוהן געענטפערט, און בכדי דער פאטער זאל ניט מיינען, אז ער זאגט דאס אין א גלייכווערטל, האט ער ארויסגעשלעפט איין אייזערנע פידקאווע פון דער קעשעני און האט זי צעבראכען אויף צווייען, ווי מע ברעכט אויף א בייגעל. דעמאלט האט דער נביא ארויסגעזעהען, אז זיין זוהן האט אין זיך שמשון הגבור'ס גבורה און ער האט באקומען פאר איהם גרויס דרך ארץ.

אז מאשקע איז ארוים פונ'ם חדר האט ער ניט געקאנט דאוונען אפילו, ער איז געווען, ווי מע זאגט אין מאזעפעווקע, „געחאפט אויף דער עברי"; דערפאר האט ער אבער געקאנט אנדערע זאכען: איינשפאנען דעם גרעסטען וואגען און פאהרען רייטענדיג האט ער געקאנט ווי א קאזאק; דאס פערד האט געמעגט זיין ווי ווילד און ווי היציג איז דאס ביי איהם אונטערען רייטען געווארען ווייך ווי טייג און שטיל ווי א קעצעלי. היינט האט ער געקאנט שווימען אויפ'ן וואסער טאקי נאר ווי א קאטשקעלי; אריבער שווימען דעם טייך אין דער ברייט הין און צוריק אין איין אטהעם איז ביי איהם געווען א שמעקטאבעקע, און זיין גבורה האט געהאט א שם ניט נאר אין מאזעפעווקע, אין אלע דערפער ארום און ארום האט מען געוואוסט, אז „מאשקע" קאן איינבארען דריי סאלדאטען און שלאגען זעכס מענשען מיט איין האנט, און אזוי שלאגען, אז בלוט זאל גיהן, אז מע זאל איהם האבען צו געדענקען!

נאך אז ער איז געווען נאר יונג, א בר־מצוה יונגעל, האט ער זיך ניט איין מאל אויסגעצייכענט מיט זיין שלאגען, באוויזען ווער מאשקע איז. די מאזעפעווקער פויערשע יונגען, וואס פלעגען כמעט אלע שבת מלחמה האלטען מיט די יודישע קינדער בשעת זיי גהען ארויס שבת ביי'טאג אינטערען שטאדט אויפ'ן שפאציר, אנרייצען אויף די יודען די הונט, יאגען, פייפען און זינגען דאס שענע לידעל:

ושיר, ושיר,
חאלאמעיי!

אז זיי האבען איינמאל פארזוכט מאשקעס הענט, האבען זיי שוין פארזאגט דעם צעהנטען, מע זאל זיך מיט דעם דאזיגען יודען ניט זאטשעפען, און שפעטער, אז ער איז אונטערגעוואקסען געווארען א בחור צו לייטען, האבען אויך גרויסע פויערן פארזוכט מאשקעס קולאקעס און האבען פאר איהם געציטערט אימת מות.

---

שלאגען זיך—דאס איז געווען ביי איהם, קאן מען זאגען, א מין תאוה, א יצר־הרע, און ליב געהאט האט ער זיך זאטשעפען מיט א גרעסערען, א געזונטערען פון זיך.

לאיעווער גאס, האב איך געזעהען ווי מען פיהרט אויף א וועגל צוויי הרוגים בעדעקט מיט א שווארצען טוך, פון די וואס זענען געגאנגען אונטער דעם וועגל האב איך זיך דערוואוסט, אז דאס זענען צוויי יודישע הרוגים, א פאטער מיט א זוהן. אזוינע סצענעס זענען געוועזען א סך.

טויזענטער יודישע פאמיליען זענען פאראומגליקט, צעהנדליגער געהרג'עט, הונדערטער פארוואונדעט.

איך קאן נישט איבערלאזען נאך איין סצענע. מען האט אויסגעבראכען פענסטער ביי א יודישען לעהרער און צוויי באסיאקעס זענען אריין צו איהם אין צימער. דער לעהרער האט אנגעהויבען בעטען, זיי זאלען אויף איהם רחמנות האבען, אויף דעם עהרליכען ארבייטער פאר די געזעלשאפט און דעם קייזער. זיי האבען פון איהם געפאדערט א בעווייז, ער האט געוויזען א מעדאל, וועלכען ער האט בעקומען פאר זיין עהרליכע ארבייט. זיי האבען דעם מעדאל ביי איהם צוגענומען און האבען פון איהם געפאדערט געלד. „וויפיעל"? האט ער געפרעגט. „דריי רובל" האט מען איהם געענטפערט. ווי ער האט נאר ארויסגענומען דאס בייטעלע און זיי געוואלט געבען דאס געלד, וואס זיי האבען פון איהם פארלאנגט, האט איינער פון די ראבירער ארויס געכאפט דאס בייטעלע און בעהאלטען אין שטיוועל. דער אומגליקליכער האט אנגעהויבען בעטען, זיי זאלען איהם צוריקגעבען דעם מעדאל,— „שווייג"! האט מען איהם דערויף געענטפערט, דער לעהרער האט איינגעזעהען, אז אויב ער וועט זיך שטעלען אנטקעגען איז ער נישט זיכער מיט זיין לעבען און האט זיי געלאזט טון אלץ וואס זיי האבען געוואלט און אליין איז ער ארויסגעגאנגען. די פאגראמשטשיקעס האבען צעבראכען און צעריסען אלצדינג: מעבעל, בעטגעוואנד, לאמפען, קליידער, וועש, כלים און אלע אנדערע ווירטשאפט זאכען.

א סך יודען האבען זיך געראטעוועט דערמיט, וואס זיי האבען ארויסגעשטעלט אין די פענסטער „איקאנעס".

אין א משך פון די צוויי טעג יום־טוב „פאסחא" דאט דער צעהיצטער קריסטליכער המון, וואס איז בעשטאנען פון נישט קיין דערוואקסענע און דערוואקסענע בירגער און ארבייטער און אפילו איינינע אין פארמענע קליידער פון בעאמטע, בערויבט און חרוב געמאכט אלע יודישע הייזער, קראמען און מאגאזינען, האבען געהרג'עט און פארוואונדעט א סך מענשען, אונטער וועלכע עס געפינען זיך מעהרערע פרויען און קינדער. די מערדער האבען פשוט די קינדער געווארפען פון צווייטען און דריטען שטאק אויף דער גאס, וועלכע איז געברוקירט מיט שטיינער. מען האט אויסראבירט א סך שוהלען און די ספרי תורות האט מען צעריסען אויף שטיקער און פאראומריינינט. אין איינינע שוהלען האבען זיך די שמשים געפריוווט שטעלען אנטקעגען, מען האט זיי אבער געהרג'עט. אלע גאסען זענען בעדעקט מיט פוך און פעדערען פון די צעריסענע בעטגעוואנד. אלע מעבעל פון די פארוויסטע הייזער זענען צעבראכען אויף שטיק שטיקלעך. אפילו די פאדלאגעס, אויבענס און קוימענס האט מען צעבראכען און חרוב געמאכט.

איך בין דערביי געוועזען ביי קיעווער פאגראם אין יאהר 1882, גאר דאס, וואס איך האב דארטען געזעהען, איז גאר נישט געגען דעם וואס איך האב געזעהען דא אין די צוויי טעג. דאס וואס די ראבירערס האבען נישט געקאנט צעברעכען אדער אוועקטראגען, האבען זיי בעגאסען מיט קעראסין און פארברענט. די צאהל פון די פארוואונדעטע יודען א חוץ געהרג'עטע דערגרייכט ביז 300.

מען דארף בעמערקען, אז די אונרוהען האט מען איינגעשטילט גאנץ לייכט, מען האט אפילו נישט געברויכט שיעסען, עס איז גענוג געוועזען די בעקאנטמאכונג, אז די שטאדט שטעהט אונטער שטרענגער בעוואכונג.

דער היזק בעטרעפט איינינע מיליאנען רובל. טויזענטער מענשען זענען געבליבען אהן א היים, אהן קליידער און אהן ברויט. עס איז נייטיג הילף וואס צום גיכסטען, וועלכע מיר בעטען צושיקען אויף דעם אדרעס: דאקטאר מוטשניק. קישינוב.

אלע זענען איבערצייגט, אז דעם שרעקליכען פאגראם האט

---

צום מיינסטען פלעג ער ארויסבאווייזען זיך מיט זיין גבורה דעמאלט, ווען מע האט עמיצען באליידיגט. ער האט געדאנקט גאט, אז עס האט זיך איהם געטראפען א גליק, עטליכע בעלי־עגלות אדער עטליכע קצבים האבען אלע מיט אמאל בעפאלען איינעם (און דאס איז דאך א כלל אז יודישע בעלי־עגלות און קצבים זענען גרויסע רוצחים, היצלים) – דעמאלט פלעג אונזער מאשקע פארקאטשען די ארבעל, אריינשפרינגען אין רעכטען פייער און ארבייטען מיט ביידע הענט און מיט ביידע פיס, און אז מע האט בעדארפט מיט'ן קאפ איז געווען מיט'ן קאפ אויך. ניט איינער פלעג אוועק געהן פון דער דאזיגער מלחמה מיט א בייל אויפ'ן שטערען, מיט א לאנטערען אונטער די אויגען, מיט א קרעל אויף דער נאז, פון אפגעריסענע ארבעל, צעפליקטע פאלעס און צעקארדאשעטע פלייצים—פון דעם שמועסט מען ניט. דאס האט ער אליין אויך אויף זיך ניט איין מאל פארזוכט, און טאמער האט עמיצער איהם איינגעטיילט פעטש, איז אויך געווען פארפאלען, אדרבה, ער האט ליב געהאט אזעלכען, וואס קאן געבען פעטש; אזעלכען, האט ער געזאגט, איז ערשט נוט צו פאטשען און געשמאק חאפען פון יענעם פעטש.

הקצור אין דעם ענין פון פעטש, פון קלעפ מיט קולאקעס איז מאשקע געווען א מפורסם. אויב איהר וועט קיין פאראיבעל ניט האבען, וועל איך זאגען, אז ער איז געווען א גאון.

## קאפיטעל ג.

## ער איז גובר דעם גלית הפלשתי פון זלאדיעווקע.

אין דער סביבה פון מאזעפעווקע איז פארהאן א דארף זלאדיעווקע; איז אין דעם זלאדיעווקע געוועזען א פויער מיט'ן נאמען איוואן קאורקא, א הויכער, א געזונטער, א מין גלית הפלשתי א שטילער אפילו, איין עהרליכער; נאר ביז וואנען ער איז געוועזען ניכטער. קוים האט ער אבער געמאכט איין איבעריגע כוסה, אזוי פלעג זיך אין איהם צעברענען די רציחה און ער פלעג אנהייבען „בושעווען", ברעכען טירען פענסטער, שלאגען מענשען און צום מיינסטען יודען. אויף יודען, פלעג ער דעמאלט זידען סכנות נפשות, די יודען—פלעג ער טענ'ען און מאכען כשעת מעשה מיט ביידע קולאקעס אין דער לופטען—די יודען פארמוטערן איהם דאס לעבען, זיי עסען זיין פלייש, זיי טרינקען זיין בלוט, ער וועט זיך ניט בארוהיגען ביז ער וועט זיי ניט אויסהרג'נען, אויסקוילען איינציגווייז!

אזוי פלעג טענ'ען איוואן קאורקא מיט זיך אליין און היצען זיך אזוי לאנג ביז מע האט איהם בעדארפט בינדען הענט און פיס און א שכור'ען ווי א באראן אפפיהרען אהיים קיין זלאדיעווקע.

ויהי היום, איז געווען אין מאזעפעווקע „ספאס יריד", און איוואן קאורקא האט ארויסגעפיהרט א פאר ביקלעך צו פארקויפען. פארקויפט

מען צו פארדאנקען די העצענדע ארטיקעל, וואס ה' קרושעוואן האט געדרוקט אין זיין בלאט „בעסאראבעץ", דען פאר דעם האבען ביי אונז די יודען געלעבט זעהר גוט מיט די אנדערע איינוואהנער פון דער שטאדט.

איינער א קריסט שרייבט אין דער „נאוואסטי": שוין צוויי וואכען פאר „פאסחא" האט מען אין שטאדט שטארק גערעדט, אז איב פאסחא וועט מען שלאגען יודען. אונ דאס גערעדעריי איז באלד דעם ערשטען טאג „פאסחא" מקוים געווארען. די ראביר ערס, וועלכע זענען בעשטאנען נישט מעהר ווי פון 200 מענשען, האבען זיך צעטיילט אויף קליינע גרופעס צו 8 אונ 10 אין א גרופע אונ האבען זיך געלאסען ארויפגעווארפען אויף די יודישע הייזער אונ קראמען, האבען זיי אויסראביערט אונ די בעלי־בתים פון די הייזער האבען זיי אדער געשלאגען אדער דערהרג'עט צו טויט. אז מען איז בעפאלען אזוינע הייזער, וואו עס האבען זיך נאר געפונען פרויען, האבען די ראביר ערס געארבייט נאר אין צווייען אדער בעדריט.

דאס רוב האבען די פאגראמשטשיקעס געטאן זייער ארבייט פאר די אויגען פון א גרויסען רוהיגען יום־טוב'דיגען המון.

דעם 7 אפריל בין איך אוועק אין דעם ארט, וואו דער פאגראם איז געוועזען שרעקליכער ווי אומעטום אונ האב געבעטען די צושויער זיי זאלען זיך אננעמען פאר די יודען. א ביסל איז עס מיר געראטען. נאר אז איך האב דערזעהען ווי מען הרג'עט איין אלטען יודען, האב איך מיך א ווארף געטאן איהם צו ראטעווען, באלד האב איך בעקומען א שטארקען קלאפ מיט א שטיק אין פנים אונ איך בין באלד אומגעפאלען, אונ אויף מיר האבען גענומען האגלען קלעפ פון אלע זייטען. מען וואלט מיך געוויס געוועזען אוועקגעהרג'עט, ווען נישט איינגע וואס האבען מיך גוט געקענט, האבען גענומען שרייען: וואס טוט איהר, איהר הרג'עט דאך אייער איין אייגענעם „פראוואסלאוונעם". איצט הייל איך מיר מיינע וואונדען.

דעם 7 אפריל האט מען לויט די פארארדענונג פון דעם שטאדט־גאלאווא ק. א. שמידט טעלעגראפירט צו דער אדעסער שטאדט־בעקעריי, אז מען זאל ארויסשיקען נאך קישינוב ברויט וויפיעל עס איז מעגליך. דערויף איז געקומען פון דארטען איין ענפער. אז מען האט ארויסגעשיקט מיט א פראכט־צוג די ערשטע פארטיע 200 פוד ברויט אונ דערנאך וועט מען צושיקען נאך צוויי פארטיעס צו 300 פוד. די ערשטע פארטיע האט מען בעקומען דעם 11־טען אפריל אין דער פריה. אונ באלד האט מען דאס ברויט אנגעהויבען פארקויפען צו 3 קאפ. א פונט, נישט קוקענדיג אויף דעם וואס עס האט, מיט הוצאות, אליין געקאסט א סך טייערער. די ידיעה, אז מען האט בעקומען ברויט, האט זיך באלד פארשפרייט אין דער גאנצער שטאדט אונ גאנצע שורות מענשען האבען זיך געצויגען אהין. די וועלכע האבען בעקרייען האבען באלד ווי זיי האבען דערהערט, אז עס איז אנגעקומען ברויט פון אדעסא, האבען זיך געאיילט צו עפענען זייערע בעקערייען אונ האבען אנגעהויבען צו פארקויפען לויט טאקסע. אויף אזא אופן רעכענט מען, וועט מען מעהר נישט דארפען ברענגען קיין ברויט פון אנדערע ערטער.

דער „פעטערסב. וויעדמ." שרייבט מען: פון דער צייט, וואס עס האט זיך בעוויזען אין די צייטונגען „בעסעראבעץ", „נאוואיע־ווריעמיא" אונ „סוויעט" די ארטיקלען וועגען די היגע יודען, האבען די איינוואהנער פון אונזער שטאדט אנגעהויבען זיך צו בענעהן פיינדליך געגען די יודען אונ האבען דייטליך ארויסגעוויזען, אז זיי גרייטען זיך צו זיך אבצורעכענען מיט די יודען; אין דער שטאדט איז ארויס א קלאנג: „פאסחא וועט מען שלאגען יודען", נאר אזוי ווי מען האט זעהר גוט געוואוסט אז די מאלדאוואנער, וועלכע זענען דאס רוב איינוואהנער פון דער שטאדט, זענען בטבע זעהר שטילע אונ רוהיגע מענשען, האט מען ווייניג געטראכט וועגען דעם דאזיגען קלאנג אונ ביז „פאסחא" איז געוועזען ביי אונז גאנץ שטיל. עס איז געקומען דער הייליגער טאג זונטאג, דער ערשטער טאג „פאסחא", דער עולם איז יום טוב'דיג, דער גאנצער המון, וועלכער האט היינטיגס יאהר נישט געהאט אזוינע פארוויילונגען ווי אלע יאהר (די פארוויילונגען פלעגט

---

די ביקלעך האט ער ביי שרה וואלציכען אין טראקטיר געשטעלט מאהארייטש אונ נאך אמאל מאהאריטש אונ ווידער אמאל מאהאריטש אונ האט זיך צעהוליעט אונ האט אנגעהויבען בושעווען ווי זיין שטייגער איז: ברעכען פלעשלעך, שלאגען פענסטער, אונ האט זיך אנגעהויבען טשעפען צו שרה וואלציכען, פריהער מיט ווערטער אונ מיט קללות אונ דערנאך מיט פעטש אונ מיט קולאקעס. איז געווארען א גוואלד: מע שלאגט שרה וואלציכען! דער גוואלד איז געוועזען אזוי גרויס. אז ער האט גענרייכט אויפ'ן יריד צווישען די ליוועראנטען. דארט איז געשטאנען מאשקע אין א קורץ פעלצל, מיט א בייטשל אין די הענט, די הויזען ארייננעלאזט אין די שטיוועל אונ האט באטראכט א פערדל, וואס ער האט שטארק חשק געהאט דאס צו קויפען. פלוצים דערהערט ער א געשריי: מע שלאגט שרה וואלציכען.

— ווער שלאגט?

— איוואן קאורקא!

גרינגער ווי איין ארלער, גיכער ווי א הירש אונ שטארקער פון א לעמפערט איז מאשקע אריינגעפלויגען צו שרה וואלציכען אין טראקטיר אריין אונ האט דערלאנגט איוואן קאורקען נאר איין פאטש. האט זיך ביי איהם געלאזט די דמים פונ'ם לינקען אויהער.

אין עטליכע טעג ארום איז איוואן קאורקא געקומען צופאהרען קיין מאזעפעווקע מיט א געשוואלענער באק, האט זיך ארומגעטראגען איבער דער שטאדט מיט א גרויסען טאפ אייער אונ האט זיך נאכגעפרעגט, וואו זיצט דא ערגיץ דער יוד, וואס האט איהם געשלאגען.

— „א דע טאי זשיד שא מענע וודאריוו?"

האבען דאך מסתמא די מאזעפעווקער יודען נישט געוואלט ארויסגעבען מאשקען, נאר מאשקע, אז ער איז געוואהרע געווארען, אז איוואן קאורקא זוכט איהם, איז ער איהם אליין ארויסגעקומען אקעגען אונ האט איהם געפרעגט, צי וויל ער ניט פארזוכען פון איהם נאך א פאר פעטש? האט איהם איוואן קאורקא דערויף געענפערט, אז ס'איז גענוג, ער איז שוין צופרידען מיט'ן ערשטען פאטש. א סימן, אט האט ער איהם געבראכט א מתנה — אייער. אונ איוואן קאורקא איז געווארען מיט מאשקען חבר, די גרעסטע גוטע ברידער.

(פארטזעצונג קומט)



אלע יאהר מאכען דער שטעדטישער קאמיטעט, וואס זארגט אבצוהאלטען דעם פאלק פון שכרות) — האט זיך געצויגען צו איינעם פון די שטעדטישע פלעצער „טשופעלינסקי", וואו עס איז געוועזען געמאכט א בופעט און „קאטשעליעס", אויף וואס זיך צו הוידען. צווישען די קריסטען האבען זיך געפונען אייניגע יודען, וועלכע זענען געקומען צוזעהען ווי די קריסטען זענען זיך משמח. צוועלף דעם זייגער בייטאג איז דער המון פלוצלינג געווארען אויפגעבראכט: אייניגע יודען האבען זיך אבגעטיילט פון דעם המון און האבען זיך געאיילט אין זייערע הויפען אריין, נאך זיי זענען נאכגעלאפען א סך קריסטליכע יונגלעך, וועלכע האבען געווארפען שטיינער און געשריגען: „הר'געט די זשידאווסקי פאראדו!" די געשרייען האבען ווי איין עלעקטרישע קראפט געווירקט אויף דעם המון, וועלכער איז שוין סאי ווי סאי געוועזען אויפגעהעצט געגען די יודען. באלד האט דער המון אנגעהויבען זיך פונאנדער צולויפען אין אלע גאסען, דער עיקר אויף דער אלעקסאנדראווסקע גאס, וואו מען קומט ארויס צום „נייען באזאר". אין דער לופט האט פארהילכט פון די קולות אורא! אורא! וועלכע טויזענטער האלב שכור'ע מענשען האבען געשריגען; דער קלאנג פון די צעבראכענע שויבען, דאס טראסקען פון די צעבראכענע ראמען, טירען און פענסטער, דער ווילדער ליארם און געפילדער פון די פאגראמשטשיקעס האט זיך פארמישט מיט דעם קלאגענדיגען יאמער און געוויין פון די דערשראקענע לויפעדיגע יודישע ווייבער און קינדער. די קולות זענען געגאנגען עד לב השמים און דאס שטיינערסטע הארץ האט געקאנט פלאצען פון דעם געיאמער. אין א משך פון א האלבע שעה האט דער ווילדער גערייצטער המון זיך פארשפרייט אויף דעם גאנצען פלאץ, וועלכער פיהרט צום וואקזאל, און דארטען האט זיך דאס פונאנדער געשפיעלט עפיס שרעקליכעס, וואס לאזט זיך נישט בעשרייבען. די יודען וועלכע זיי האבען אין גאנג געטראפען האבען זיי אזוי לאנג געשלאגען ביז זיי זענען געבליבען ליגען אהן כחות; איין יודען, וועלכען זיי האבען בעמערקט אויף א וואגען פון דער טראמוואי האט מען ארונטערגעשלעפט און מען האט איהם אזוי לאנג געשלאגען ביז מען האט געמיינט, אז ער איז שוין אין גאנצען טויט. די קליינע הייזלעך פון די די ארימע יודען האט מען צעריסען אויף ברעקלעך, און דאס ביסל זאכען, וואס עס האט זיך דארטען געפונען האט מען צוזאמענגעווארפען אין איין ארט און דערנאך געמאכט דערפון א תל און ארויסגעווארפען אויף דער גאס; א גאנצער וואלקען פון פוך און פעדערען האט זיך ארומגעטראגען אין דער לופט. דריי דעם זייגער האט זיך דאס געשריי „הורא!" דער לארם און געפילדער זיך געלאזט הערען אין די הויפט גאסען פון דער שטאדט, וואו עס האט זיך אויסגעלאזט נאר מיט בלויס אויסברעכען שויבען. ביי נאכט איז אין די הויפטגאסען פון דער שטאדט געוועזען רוהיג. אנדערע האבען אפילו גערעכענט, אז מעהר וועט שוין קיין פאגראם נישט זיין: עס איז עפיס א געלעכטער? — פאטרולען פון רייטערס און פוסגעהער, פאליציי, וועלכע איז גוט געוואפענט; זיי וועלען שוין נישט דערלאזען צו קיין פאגראם... אויף מארגען אין דער פריה האט מען זיך באלד דערוואוסט, אז גאנצע שאיקעס האבען זיך צונויפגעקליבען אויף דעם „נייעם באזאר" אין די גאסען: ניקאלאיעווסקי, גאסטוני, חארלאמפעווסקי פושקינסקי און נאך אנדערע. דער המון איז געוועזען בעוואפענט מיט האמערס, העק און אייזערנע שטאנגען; די גרויס־ארטיגע מאגאזינען זענען איינגעבראכען געווארען, די סחורות צעריסען און ארויסגעווארפען אויף די גאסען; קליידער, היטע, שוכווארג האט מען צעטראגען און צעחאפט פאר אלעמען אין די אויגען; א סך ראבירערס האבען זיך דארטען גופא אנגעטאן אלערליי טייערע קליידער. אנדערע האבען צוזאמענגענומען סחורות וויפיעל זיי האבען נאר געקאנט און אוועקגעטראגען. די פאליציי האט זעהר שטרענג געשריגען אויף די רויבערס... די פאטרולעס, מיט ביקסען אויף די פלייצעס, האבען געווארענט די פאגראמשטשיקעס און די ראזבאיניקעס, זיי זאלען זיין רוהיג. זיי האבען אבער זיך נישט גוט איינגעהערט צו די געשרייען פון דער פאליציי און האבען נישט אויפגעהערט צו ראבירען און שלאגען. האלבען טאג צייט האט מען בעקומען צו וויסען, אז אין פיעל ערטער פון דיזער שטאדט זענען דא נישט ווייניג גע'הרג'עטע יודען. די אומגליקליכע האבען פאר גרויס שרעק אוועקגעווארפען זייער גאנץ פארמעגען און האבען זיך בעהאלטען מיט זייערע ווייבער און קינדער וואו זיי האבען נאר געקאנט: אין קעלערס, אויף בוידימעס א. ד. ג. דער פאגראם האט זיך פארנומען איבער דער גאנצער שטאדט, וואו מען האט נאר געקאנט געפינען א יודישע וואהנונג. מען האט אויך ניט געשאנט קיין שוהלען. אין דער גאסטינער גאס האט מען די שוהלען חרוב געמאכט, די ספר תורות צעריסען און ארויסגעווארפען אויף דער גאס. אויף דער סיענא גאס האט מען חרוב געמאכט א גרויסע שוהל און די ספרי תורות האט מען צעריסען. דער קריסטליכער אינטעליגענטער פובליקום האט זיך זעהר שרעקליך אויפגעפיהרט; זיי האבען אפילו א פינגער אין קאלטע וואסער נישט איינגעטונקט, כדי אבצוהאלטען די רציחות... זיי זענען זיך רוהיג ארומשפאצירט און צוגעזעהען אויף די שרעקליכע ארבייט. אין די עקיפאזשען זענען ארומגעפאהרען די אינטעליגענטען אויסגעפוצט און אנגעקליידעט יום־טוב'דיג. פינף דעם זייגער האט מען שוין געקאנט בעמערקען אויף פושקינסקי גאס, ווי די פאליציי מיט א פאטרול סאלדאטען האבען אנגעהויבען אבהאלטען די ראבירערס, צונעמען פון זיי דאס רויב און זיי אוועקפיהרען צום ארעסט. אין דער איינגענער צייט האט זיך אנגעהויבען דער פאגראם אין די אויבעריגע טיילען פון שטאדט. עס איז ארויס א קלאנג, אז אויסען שטאדט האבען זיך בעוויזען נייע שאיקעס רויבער, וועלכע זענען אנגעקומען פון די דערבייאיגע דערפער. די שרעק איז נאך גרעסער געווארען און די רויבער האבען בעקומען נאך מעהר מוט און האבען זייער ארבייט נאך מיט מעהר חשק געטאן. דאך פון אבענד (מאנטאג) איז געווארען רוהיגער. די פאטרולען סאלדאטען האבען צעיאגט די פאגראמשטשיקעס, (צום גליק האט מען אפילו נישט געדארפט געברויכען קיין געוועהר). עס איז אלץ געווארען שטילער און שטילער און ביינאכט איז שוין געווארען שטיל אין גאנצען. עס איז אזוי שטיל געוועזען, אז עס האט זיך אויסגעדוכט, אז די גאנצע שטאדט איז אויסגעשטארבען. עס האט זיך נאר געהערט דאס טרעטען פון די פערד, אויף וועלכע די סאלדאטען, וואס האבען בעוואכט די שטאדט, האבען געריטען. די אויסגעמוטשעטע, דערשראקענע יודען האבען זיך בעהאלטען, וואו זיי האבען נאר געקאנט, און האבען פון זיך קיין צייכען פון לעבען נישט ארויסגעגעבען. דעם דריטען טאג „פאסחא" האט מען ביי אלע קווארטאלען אויסגעשטעלט שטארקע בעוואכונג.

עס איז ארוים א קלאנג, אז מען האט די וואך אנגעזאגט, זיי זאלען נישט צו לאזען צו קיין שום בעוועגונג, פון וועלכע עס קאן פון דאס ניי ווערען א פאגראם און זיי זאלען זיך נישט אבשטעלען אפילו נישט ביי די שטרענגסטע מיטלען. די דערשראקענע יודען האבען זיך נישט געגלויבט, נאר ביסלעך־ווייז זענען זיי געקומען צו זיך און אכט דעם זייגער אין דער פריה האבען זיי זיך אנגעהויבען צו ביסלעך ווייזען אויף דער גאס. פון די אונטערע טיילען פון דער שטאדט האבען זיך געצויגען פוהרען מיט קראנקע, פארוואונדעטע, דערהרג'עטע; אנדערע פוהרען זענען ווידער געווען בעלאדען מיט הויזווירטשאפט, וועלכע מען האט צונויפגענומען נאך דעם פאגראם. הינטער די פוהרען זענען נאכגעגאנגען ווייבער מיט קינדער — דאס אלעס זענען געלאפען פון די הויפט גאסען פון שטאדט, פון די ערטער, וואו עס איז אזוי פיעל בלוט פארגאסען געווארען, און אזוי פיעל גוטס חרוב געווארען. דאס אויסזעהען פון די גאסען איז שרעקליך. דורך איינינע טיילען פון די גאסען קאן מען נישט ניט דורכגעהן צו פוס, ניט דורכפאהרען מיט וועגען, מחמת עס איז פארווארפען מיט צעבראכענע שטיקער מעבעל, פארטאפיאנס, בילדער, כלים און דאס אלץ איז בעדעקט מיט א דיקע פוך־דעקע פון פעדערען.

דער יודישע שפיטאל, וועלכער איז גענוג גרויס, איז איבערגעקעהרט געווארען אויף א הויז צום פארבינדען פארוואונדעטע; אלע בענק זענען פארנומען, א סך ליגען אויף דער פאדלאגע. די גוואלדען מיט געשרייען צערייסען דאס הארץ. היינט (דעם 9 טען אפריל), ווען איך שרייב מיין בריף, זענען די יודישע קראמען, וואס זענען כמעט על פי נס ניצל געווארען, נאך נישט געעפענט. עס האט פארפעהלט ברויט און נאך אנדערע שפייזען. דער פרייז אויף זיי איז שרעקליך געשטיגען. מען ארגאניזירט א הילפס־קאמיטעט, פון דער קייזערליכער געזעלשאפט פון רויטען קרייץ גיט מען הילף.

— ביז היינט גרייכט די צאהל פון די פארוואונדעטע, וועלכע ליגען טייל אין שפיטאל און טייל ביי זיך אין דער היים, איבער 3000. דערפון זענען שוין ארום 40 געשטארבען, 100 זענען שווער פארוואונדעט. אה מיין גאט! וואס פאר א הארץ רייסענדעס בילד איצט פאר דער שפיטאל... מיר דוכט זיך אוים, אז מען האט מיר אריבער־געטראגען אין א יודישע געהעטא אין מיטעל־אלטער, וואו עס איז פול מיט אומגליקליכע, דערהרג'עטע, דערשלאגענע יודען. דער פאגראם האט זיך מיט זיין גאנצען צארן אויסגעגאסען אויף די ארימסטע קלאסע פון יודען, און היינט האבען זיי קיין ארט נישט וואו א קאפ אנידער צו לעגען, קיין שטיקעל ברויט נישט דאס פארשמאכטע הארץ צו דערקוויקען. נאך שרעקליכער איז דאס בילד אויף דעם ארט, וואו עס ליגען די הרוגים, ווי יעדער איז געקומען אבזוכען זיינע נאהנטע קרובים, וואו די הרוגים ליגען צעווארפען אייגער אויף דעם אנדערען. אנדערע זענען בעדעקט מיט פעדערען און זעהען אוים אין גאנצען ווייס. צווישען די הרוגים איז געלעגען א קינד דערהרג'עט אויף די ברוסט פון איין אלטען יוד. איינעם א גימנאזיסט פון א יאהר 18־17 האט מען געפונען דערווארגען אין א קלאזעט, וואו דער אומגליקלי־כער האט זיך בעהאלטען. איין אלטיטשקער איז אוועק זוכען דאס ווייב און אז ער האט איהר געפונען צווישען די הרוגים, האט ער פאר שרעק אויסגעשריגען:

„אה, אז דו וואלסט ווייסען וואו דיין זוהן איז איצט"! דער זוהן (22 יאהר אלט) איז אויך געלעגען א גע'הרג'עטער ביי זיך אין דער־היים. איינע א מוטער האט געפונען איהרע דריי זוהן דערהרג'עט. איהרע קולות און געשרייען האט געשפאלטען דעם הימעל.

די אכזריות פון דעם המון איז נישט משער צו זיין. געלאדען מיט אייזענס און העק איז מען בעפאלען אויף די יודען. איך ברענג דא איין פאקט, וואס איז כמעט גאר נישט צו גלויבען. א יודישער פוהרמאן האט געבראכט אין שפיטאל א שווער פארוואונדעטען; אין א צעהן — פונפצען מינוטען ארום האט מען אין דעם אייגענעם שפי־טאל געבראכט דעם פוהרמאן: דער המון האט זיך דאס אן איהם נוקם געווען דערפאר, וואס ער האט צוגענומען דעם פארוואונדעטען יודען און איהם געוואלט דערהאלטען ביים לעבען. איינע א מיידל, האט דערזעהען, אז אין מיטען גאס ליגט איין אלטער שווער פארוואונדעטער יוד, זי האט זיך א ווארף געטאן איהם צו העלפען און האט זיך גע־ווענדעט צום עולם, וואס איז געשטאנען ארום איהם און געבעטען מען זאל איהר העלפען אויפהייבען דעם אלטען. קיינער, האט זיך אבער נישט צוגערירט, און דאס מיידל האט מיט כל הכחות איהם אויפגעהויבען. דער פאגראם איז געווען בלויס געגען יודען, און דער המון איז בעפאלען נאר אויף די הייזער, וועלכע ער האט געוואוסט וועמען זיי געהערען. אין די פענסטער וואו קריסטען וואהנען האבען זיך באלד בעוויזען איקאנעס, דערמיט האבען זיך אויך בענוצט איינינע יודען. אז דער המון האט זיך דערפון דערוואוסט האט ער זיך נאך שרעקליכער צערייצט און איז בעגאנגען די גרעסטע רציחות, וואס קאן נאר געבען. די יודישע איינוואהנער האבען זיך בעהאלטען אויף די בוידעמער און אין קעלערס, וואו זיי האבען אויך זייער פארמעגען בעהאלטען. אנדערע האבען זיך אפילו אין פעסער בעהאלטען. טייל האבען זיך בעהאלטען אין די הייזער פון די גוטהערציגע קריסטען.

דעם „וואסחאד" שרייבט מען פון 6־טען אפריל: נישט איין יודיש הויז איז געבליבען גאנץ. אין אנדערע ערטער האבען זיך די יודען געשטעלט אנטקעגען, א טייל האבען זיך אויך פערטיידיגט מיט געוועהר. היינט איז אין יודישען שפיטאל געווען 50 פערוואונדעטע און 10 געהרג'עטע.

אנגעהויבען שלאגען האבען פרעמדע, אריינגעקומענע, דאס רוב גרויס־רוסען. נאר ביסלעך־ווייז האבען זיך מיט זיי פעראייניגט דער שטעדטישער פעבעל, ארבייטער, דינערשאפט, וואס האבען קיין שטעלען נישט, איינינע קליינע בעאמטע פון פאסט און טעלעגראף, א סך קריסטליכע יונגלעך, מיידלעך. וועניגער פאר אלעמען האבען איין אנטייל גענומען די מאלדאוואנען.

אין די גאסען זענען געווען אויסגעווארפען געדרוקטע פראק־לאמאציעס, אין וועלכע מען הייסט דעם פאלק שלאגען די יודען.

אויף די וואקזאלען ליגען איצט הונדערטער און טויזענטער בעראבעוועטע יודען מיט זייערע פרויען און קינדער.

ה' פאטין פון קישינוב שרייבט דער „הצפירה": מיט ציטערדיגע הענט און מיט פארלאפענע אויגען נעם איך די פעדער אין דער האנט, צו בעשרייבען א טויזענט חלק פון אלץ, וואס איך האב מיר אנגע־זעהען און אנגעהערט אין די לעצטע צוויי טעג. איין אומגליק איז אונז

געשעהען! אונזערע הייזער האט מען אויסראבירט, א סך פון אונזערע ברידער האט מען גע׳הרג׳עט און פארוואונדעט.

שוין אין ערשטען טאג „פאסחא“ האבען זיך צונויפגעזאמעלט א גאנצער המון יונגלעך אין פארשידענע גאסען און האבען אנגעהויבען ווארפען שטיינער אין די יודישע הייזער, אבער נישט מעהר. קיין געשרייען, קיין לארם האט זיך נישט געהערט. נאר אויף מארגען אין דער פ״יה, דעם 7־טען אפריל, זענען די פאגראמען געווארען שרעקליך. גאנצע הייזער, גאנצע געוועלבער, וועלכע זענען געווען פול פון כל טוב, זענען אין א פאר מינוט געווארען פוסט, אלע מעבעל, אלע זאכען צעבראכען אויף שטיקלעך. די בעטגעוואנט צעריסען, די גאסען זענען בעדעקט מיט פוך ווי מיט א שניי, די טייערסטע זיידענצייג וואלגערן זיך אין די גאסען אונטער די פיס, די טראמוויען קענען נישט דורכפאהרען די גאסען, מחמת די צעבראכענע און צעריסענע זאכען, וואס ליגען, צעווארפען אין די גאסען.

אט איז מען בעפאלען א קראם פון שוכווארג, אין א פאר מינוט האט מען אויסגעבראכען די טירען, וועלכע זענען געווען בעשלאגען מיט אייזען און די קראם איז באלד אויסגעלעדיגט געווארען. באלד אויף דעם איינענעם ארט זענען אנגעקומען מאנספילען און ווייבער א.ג. מען האט גענומען וואס מען האט נאר געקאנט, דער האט זיך אין מיטען גאס אנגעטאן א פאר נייע שוך. דער האט זיך אנגעטאן א טייערען מאנטעל און דאס ווייב זיינע האט ער אויסגעפוצט מיט טייערע קליידער, און דאס אלץ האט מען געמאכט אין מיטען העלען טאג, פאר אלעמען אין די אויגען.

שרייבענדיג די איניגע שורות רוישט אין די גאסען פון די געוויינען און געשרייען פון אונזערע אומגליקליכע ברידער, די בעוויינען איין אלטען טאטען און די בעוויינען יונגע קינדער. דא ברעכט א פרוי די הענט אויף איהר מאן און דא רייסט זיך א מאמע די האר פון קאפ אויף איהרע קינדער. גאנץ קישינוב איז היינט א גרויסע חורבה, פון וועלכע עס הערען זיך נאר יאמערן און געשרייען.

דעם „הצופה“ שרייבט מען פון קישינוב: נאך פאר די פייערטעג איז ארויס א קלאנג אין שטאדט, אז דער המון גרייט זיך צו, צו מאכען א פאגראם א״ם „פאסחא“, די פארשטעהער פון דער געמיינדע זענען אוועק צום גובערנאטאר און צום ביסקופ און זיי געבעטען, אז זיי זאלען זיי שיצען פאר דעם המון און מיר זענען געווען גאנץ רוהיג און זיכער, מיר האבען זיך גאר נישט געשראקען.

דעם ערשטען טאג פון זייער „פאסחא“, אחרון של פסח מיטאגצייט, זענען איניגע שכורים דורכגעגאנגען די גאסען פייפענדיג און האבען געווארפען שטיינער ווען זיי האבען נאר געטראפען געהענדיג. צוערשט האבען מיר דאס געהאלטען פאר א שפיל, וואס וועט באלד אויפהערען. עס זענען אריבער צוויי שעה — גאנצע מחנות האבען אנגעהויבען ברעכען פענסטערס אין אלע הייזער, וואו יודען וואהנען דארטען. אונזערע ברידער האבען זיך געשווינד בעהאלטען ביי זיך אין דער היים, כדי נישט צו רייצען דעם ווילדען המון, קיינער האט זיך זיי נישט געשטעלט אנטקעגען. געליטען האבען נאר איניגע קליינע קראמען. אין דער ארמיאנסקי גאס, וואו איך וואהן, האבען די פאגראמשטשיקעס נישט איבערגעלאזען א הויז, וואו זיי האבען נישט אויסגעהאקט די שויבען. דער פאגראם האט געדויערט ביז 9 דעם זייגער פון אווענד.

מאנטאג אין דער פריה דעם 7־טען אפריל, האט זיך דער פאגראם אנגעהויבען פון נייעם. אין דער איינענער צייט האט מען גערויבט און געשלאגען אין אלע גאסען; ווי עס ווייזט אויס איז דאס נישט געווען אומגערעכט, ווען די פאגראמשטשיקעס זענען געגאנגען ווי גוט געלערנטע סאלדאטען. צוערשט זענען געגאנגען די אנפיהרער און האבען געשריגען: „טויט די יודען, שלאגט אהן רחמנות!“ דערנאך זענען געגאנגען די איינברעכער מיט אייזענס און שטיינער אין די הענט, האבען אויפגעריסען די טירען פון די הייזער און די קראמען און צולעצט זענען אריין די ראבירערס און האבען צעבראכען אלץ וואס זיי האבען בעקומען אויף פיעל פיצלעך, מעבעל, קליידער און בעטגעוואנט. אין א שעה שפעטער איז געפאלען א סערען־שניי אויף די גאנצע שטאדט, די פאליציי און סאלדאטען זענען פארביי געגאנגען און האבען גאר נישט געקאנט העלפען. סאלדאטען, רייטערס און פוסגעהער זענען אפילו ארומגעגאנגען פון איין גאס אין די אנדערע, זיי האבען אבער דעם המון נישט געשטערט אין זיין ארבייט. זענען זיי געקומען ביי א הויז, וואו די רויבער האבען געראבירט. האבען זיי, די רויבער, אויפגעהערט צו ראבירען די צייט וואס די סאלדאטען זענען דארטען געשטאנען — קוים זענען זיי אבער אוועק, האט זיך דאס ראבירען אנגעהויבען פון דאס ניי. דאס אלץ האב איך אליין מיט מיינע אייגענע אויגען געזעהען אויף דער ארמיאנסקי גאס, אויף וועלכע איך מיט מיינע בעקאנטע זענען געשטאנען ביז אין אבענד.

אין די אנדערע גאסען, אין צענטער פון שטאדט, און אין דער נידער, האט מען אויך דאס איינענע געטאן, נאר דארטען האט מען אויך גע׳הרג׳עט, געשחט׳ען און געווארגען צעהנדליגער יודען. אין יודישען שפיטאל געפינען זיך 200 שווער פארוואונדעטע. ביז היינט זענען געקומען צו קבורה פון די הרוגים און געשטארבענע מעהר אלס 50. פון די שווער פארוואונדעטע קומען צו אלץ נייע מתים. קליינע קינדער האט מען די קעפ אויף די שטיינער געווארפען, מיידלעך און פרויען האט מען געשענדעט אין מיטען גאס. א קינד האבען די פאגראמשטשיקעס צעריסען אויף שטיקער. ספרי תורות האט מען צעריסען אויף שטיקער און זיי וואלגערן זיך אין די גאסען. א יונגל, א זוהן פון א געוויסען יחיאל בר׳טשאניר, איז געקומען אויף דעם ארט וואו די גע׳הרג׳עטע זענען געלעגען און האט דערזעהען זיין פאטער און ברידער ליגען דערשטאכען אויף דער גאס און ארום זיי א שטראם בלוט, איז ער אויף זיי ארויפגעפאלען מיט א מורא׳דיג קול: „דא איז פארגאסען געווארען דאס בלוט פון מיין פאטער און ברודער“ און באלד איז ער אראפ פון זינען. ער האט זיך אויפגעהויבען פון דער ערד און אנגעהויבען לויפען איבער די גאסען מיט א משוגע׳דיגען קול. מען האט איהם געבראכט אין שפיטאל און זיין לעבען איז אין סכנה. פון אווענד איז אין צענטער שטאדט רוהיג געווארען, אבער אין די זייטיגע גאסען האט מען גערויבט און געמארדעט ביז האלבער נאכט. אויף דעם וואקזאל איז געשטאנען א גאנצע מחנה פאגראמשטשיקעס און האבען אהן רחמנות געשלאגען יעדען יודען, וועלכער האט געוואלט אנטלויפען מיט דער באהן, און האבען געשריגען מיט א שרעקליך קול: „נישטא פאר אייך, פארפלוכטע יודען, קיין בעהאלטעניש, א טויט

די זשידעס! זייער האב און גוטס געהערט אונז, דען זיי האבען עס פון אונז גערויבט און זיי זאלען געהן צו אלדע רוחות, נישטא קיין רחמנות"!

דינסטאג פון אווענד איז געקומען דער פראקוראר פון "סודעבנא פאלאטא" אויס אדעסא. איינינע יודישע פארשטעהער זענען אוועק צו איהם און האבען איהם אלץ דערצעהלט און ער האט אלץ פארשריבען. מיטוואך איז אויך געקומען דער געגעראל פון שטאב אין קישינוב. שבת איז געקומען דער דירעקטאר פון פאליציי דעפארטעמענט און די סליעדסטווא האט זיך אנגעהויבען. היינט האט מען גערופען א סך פון אונזערע פראומינענטע בריד׳ער, זיי זאלען אליין דערצעהלען, וואס עס האט זיי פאסירט. אויך איז געקומען פאר דעם דירעקטאר פון דעפארטאמענט א יודישע דעפוטאציע און האבען איהם ערקלערט אלץ וואס עס געהערט זיך אן מיט דעם פאגראם.

דער אסטראג איז פול מיט ארעסטאנטען; מען זאגט, אז דארט געפינען זיך מעהר אלס 1.500 מענשען. די שטאדט שטעהט אונטער שטרענגער בעוואכונג. איצט איז שטיל אין אלע גאסען און ביסלעכווייז הייבט דאס געוועהנליכע לעבען ווידער אן. ביסלעכווייז עפענען די יודען, וואס די רויבער האבען זיי נישט בעראבעוועט, צוריק זייערע געשעפטען און עס איז צו האפען, אז קירצליך וועט די שטאדט צוריק אויסלעבען.

דאס אנטיסעמיטישע בלאט "בעסעראבעץ", וועלכע געהט ארויס אין קישינוב, שרייבט א לאנגען ארטיקעל וועגען דעם פאגראם, די צייטונג זאגט, אז די יודען אליין זענען שולדיג אין דעם, ווייל זיי האבען בעראבעוועט שוין א סך יאהרען כסדר די קריסטען און קיינער האט אפילו א ווארט נישט איבערגערעדט, ביז דאס פאלק האט אבגעווארט א טאג דעם 7־טען אפריל און האט זיך נוקם געוועזן. אט ערשט האט מען מיר דערצעהלט. אז מען האט דעם דירעקטאר פון דעפארטאמענט דערלאנגט דעם נומער און ער האט זיך דערויף זעהר געוואונדערט, ער האט געזאגט, אז ער האט גאר נישט געוואוסט, אז אין קישינוב געפינט זיך אזא בלאט און האט געבעטען, מען זאל איהם ברענגען נאך אזוינע נומערן. אין וועלכע מען רייצט אויף דאס פובליקום זיך נוקם צו זיין אן די יודען.

דעם "פריינד" שרייבט מען: די גאנצע שטאדט איז נאך ביי אונז אין שרעק פון דעם פאגראם. אין אלע יודישע הייזער איז א יאמער און געוויין, 41 יודען זענען דערהרג׳עט געווארען אדער געשטארבען פון די וואונדען. פיעל יודען זענען געבליבען אויף אייביג קאליקעס. קינדער האט מען געפונען אין מיסט־קאסטענס. די בתי־מדרשים זענען פאראונרייניגט און צעראבעוועט. א שמש, וועלכער האט זיך אנגענומען פאר דעם כבוד פון דער תורה, האט דער ווילדער המון דערהרג׳עט, און דעם קערפער האט מען דורכ׳ן פענסטער ארויסגעווארפען אויפ׳ן גאס. מען רעכענט, אז דער פאגראם איז פון פריהער געוועזן ארגאניזירט. עס איז קיין זאך ניט געטאן געווארען, כדי אבצוהאלטען בעצייטענס דעם פאגראם.

מעהר ווי טויזענט פאמיליעס זענען געבליבען ארים און נאקעט, הונדערטער קינדער זענען געבליבען יתומים. פיעל פאמיליעס זענען אוועקגעפאהרען קיין אדעס. קישינוב זעהט איצט אויס ווי נאך א מלחמה.

איין אימה און חושך ליגט אויף יעדענס פנים.

אין פאגראם האבען דערהויפט טייל גענומען פראסטע ארבייטער, מוליארעס, שטוקאטורער, בינדיוזשניקעס און אזוי ווייטער. צווישען די פאגראמשטשיקעס זענען אויך געווען אינטעליגענטען. שכורים האבען געשריגען: "עס זאל לעבען קרושעוואן!"

איינינע יודען האבען געשאסען אין המון.

מיטוואך האט מען מקבר געווען די דערהרג׳עטע און די וואס זענען געשטארבען פון די וואונדען; ביי דער קבורה זענען געווען די פארשטעהער פון שטאדט און דער אדעסער פראקוראר.

טויזענטער פאמיליעס זענען געבליבען אהן ברויט. פון די ארומיגע שטעדט שיקט מען קיין קישינוב עסענווארג, אדעס האט ארויסגעשיקט 300 פוד מעהל.

דעם "המליץ" שרייבט מען: דער חורבן איז שרעקליך. היינט האט מען געבראכט צו קבורה איינינע צעהנדליגג הרוגים. די צאהל שווער פערוואונדעטע, וואס האלטען ביים שטארבען איז בערך 80. לייכט פערוואונדעטע — מעהר פון 200. הונדערטער פאמיליעס וואהנען אין קריסטליכע הייזער און אין האטעלען. איך שרייב מיין בריף אויך אין א האטעל. מען זאגט, אז מען האט שוין צוזאמענגענומען פאר די אומגליקליכע 30,000 רובל. הילף איז נייטיג.

"נאוואיע ווערעמיע" טעלעגראפירט מען:

"קישינוב. דעם 12־טען. היינט איז אהער אנגעקומען דער דירעקטאר פון פאליציי־דעפארטאמענט לאפוחין. אין שטאדט איז שטיל. די יודישע קראמען זענען נאך אלץ פארמאכט; די יודישע קצבים האבען געהעכערט דעם מקח פון פלייש 6 קאפ׳ אויפ׳ן פונט. פיעל יודישע פאמיליעס ציהען זיך אהער אריין פון די דערפער".

דער "ווארש. דניעוו." שרייבט: די קערפער פון די הרוגים און געשטארבענע פון די וואונדען אין דער צייט פון פאגראם זענען שוין געקומען צו קבורה. דער פחד ווערד, ווי דער "בעסאראבעץ" שרייבט אלץ קלענער און דאס רוהיגע געוועהנליכע לעבען הייבט אן פון נייעם. די קרינגס־וואך וועט מען פון 15 אפריל צונעמען. פון די צוויי קריסטען, וועלכע מען האט געבראכט אין דעם זעמסקען שפיטאל אין דער צייט פון פאגראם און וועלכע זענען באלד געשטארבען, איז איינער א ציגיינער, וועלכער איז קראנק געוועזען אויף א גירען־קראנקהייט און דערפון איז ער געשטארבען, דער צווייטער, א יונגל פון 15 יאהר, איז געוועזן דורכגעשטאכען מיט א שפיז בשעת מען האט געוואלט איינשטילען די אונרוהען. דאס איז דער איינציגער הרוג, וואס איז געפאלען פון די קריסטען. בעשולדיגט זענען אין דעם פאגראם ארום 500 מענשען. זיי געפינען זיך טייל אין אסטראג, א טייל אין פאליציי־פעסטונג און אין איין ארטילעריע קאזארמע, וועלכע מען האט פאר זיי אויסגעלעדיגט. אין דער פאליציי האט מען געבראכט א סך זאכען, וואס מען האט צוזאמענגענומען אויף דער גאס. נאכמעהר האט מען געפונען בשעת מען האט געמאכט איין אונטערזוך. כמעט אלע איינוואהנער פון די נאכט־פריוטען, בשעת מען האט אויסראביערט די מאגאזינען אויף פושקינסקי גאס. האבען זיך איבערגעטאן אין נייע עלעגאנטע קליידער און זייערע צעריסענע שמאטעס האבען זיי אוועקגעווארפען. איצט האט די פאליציי פון זיי צוגענומען די פרעמדע קליידער און זיי זענען געבליבען שטעהן הויל נאקעט און קענען נישט

אַרויס געהן אויף דער גאַס. צווישען די, וועלכע האָבען זיך געוואָלט אויספּוצען מיט פרעמדע קליידער, געפינען זיך אַ סך רומעניש̈ע אַנטלאָפענע פאַרברעכער.

דער „וואַרשאַווסקי דניעווניק" ברענגט פון דער צייטונג „בעסאַראַבעץ": דעם 12־טען אַפּריל איז אין קישינוב אָנגעקומען דער דירעקטאָר פון דעם פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט א. א. לאָפּוכין. ביים וואָקזאַל איז געשטאַנען זעהר אַ גרויסער עולם, דאָס רוב פון יודען. פון אָנהויב אַלעקסאַנדראָווסקי גאַס ביז קופּעצעסקי גאַס האָט זיך געצויגען אַ גאַנצע שורה מענשען פון בלויס יודען. די פּאָליציי האָט געבעטען מיט גוטען און מיט בייזען, דער עולם זאָל זיך פונאַנדער געהן, מען זאָל ניש̈ט שטעהן אַזוי איינם ביים אַנדערען, עס האָט אָבער ניש̈ט געהאָלפען. ערש̈ט אַז די עקיפּאַזש מיט ה' א. א. לאָפּוכין איז פאַרביי־געפאָהרען איז זיך דער עולם פונאַנדער געגאַנגען.

דער רוס. וויעדאָמאָסטי (נומער 106 פון דעם 19 אַפּריל) האָט אָבגעדרוקט אַ בריף פון זיין קישינובער קאָרעספּאָנדענט וועגען פּאָגראָם.

„דעם 9 טען אַפּריל בין איך געקומען קיין קישינוב, ווען דער פּאָגראָם האָט שוין אויפגעהערט. די שטאָדט זעהט אויס ווי דער שונא וואָלט איהר חרוב געמאַכט. כמעט אַלע יודיש̈ע הייזער און קראָמען אין צענטרום פון שטאָדט און אין די זייטיגע גאַסען זענען חרוב און אויסגעראַבירט. די יודיש̈ע וויינגערטנער אויסען שטאָדט זענען צו שאַנדען, איינינגע זומער וואָהנונגען זענען אויסגעראַבירט. גאַנצע בערג פון פאַרש̈ידענע כלים: שראַנקען, טיש̈ען, שטיהל, זאָפעס און נאָך אַנדערע ליגען צוזאַמענגעוואָרפען אין מיטען גאַס און די פערד שרעקען זיך פאַרביי צו פאָהרען. די פעדערען פון די יודיש̈ע בעטגעוואַנד טראָגען זיך, פון ווינט, אין דער לופטען און בעדעקען ווי מיט אַ שניי די גאַסען מיט די דעכער. אין די קריסטליכע פענסטער זענען אויסגעשטעלט הייליגע בילדער, פּאַסחא־ברויט און קרייצען. נאָך שרעקליכער זעהען אויס די פאָרשטעדט. אַרום די אָרימע קליינע הייזלעך, אָהן פענסטער און טירען, זיצען יודען מיט טרויעריגע געזיכטער. נעבען אַ קליין הייזעל האָב איך געזעהען פאַרשפּרייט האַרטאָפעל און אַ מאַטראַץ צעריסען אויף שטיקלעך, אויף דעם שוועל איז געזעסען אַ יוד דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזט און האַלט אויף די קניע אַ קליין מיידל. דאָ אין עק שטאָדט וואָהנען די אָרימע קלאַס יודען, וועלכע לעבען פון טאָגעס־לאָהן און קליין־האַנדעל. נאָר די רייכע יודען האָבען וועניג וואָס געליטען. גאַנץ זענען זייערע הייזער, גאַנץ זענען זייערע קראָמען, וועלכע זענען אַרומגעזעהען מיט שטיינערנע ווענט און אייזערנע טירען. געליטען האָב מעהר פאַר אַלעמען די אָרימע קלאַס.

„אויף דעם בית הקברות האָב איך געזעהען 19 הרוגים. זיי זענען געלייגט אין צוויי שורות, באַדעקט מיט טליתים. דער סטאָראָזש האָט פון זיי אַראָבגענומען די דעקע. דאָ זענען געלעגען: אַ פרוי, אַ קינד פון אַ יאָהר אָנדערהאַלבען, אַ יונגעל פון 17 יאָהר, איין אַלטער מאַן און נאָך אַנדערע — אַלע פון דער אָרימער קלאַסע. די וואונדען זענען שרעקליך, גלייך ווי די רוצחים האָבען ניש̈ט מענשליכע קערפער געוואָלט טייטען, נאָר שטיינערנע מויערען. מען זאָגט, אַז מען האָט אַרונטערגעוואָרפען יודען פון דריטען שטאָק, ווען מען זאָל שליסען פון דעם אויסזעהען פון די הרוגים איז דאָס זעהר מעגליך. זעהר אָפט בעגעגענט מען אין די גאַסען יודען מיט אַרומגעבונדענע קעפּ. איך האָב אַליין געזעהען צוויי קליינע מיידלעך מיט אַרומגעבונדענע קעפּ.

„ווי עס ווייזט אויס איז דער פּאָגראָם געווען אָרגאַניזירט פון פאַר דעם. אַלע האָבען געוואוסט, אַז פּאַסחא וועט זיין אַ פּאָגראָם. די יודען האָבען עס אויך געוואוסט און האָבען געשיקט דעלעגאַטען צו בעטען הילף. מען האָט זיי בערוהיגט. דאָס מיליטער האָט מען ערש̈ט דעם צווייטען טאָג גערופען און דאָס אויך ש̈פּעט נאָך מיטאָג.

„שולדיג אַ סך אין די פּאָגראָמען איז שולדיג דיים שטעדטיש̈ע „בעסאַראַבעץ", וועלכער ווערד געלייענט סאַי פון פּראָסטען עולם סאַי פון די אינטעליגענץ. דער רעדאַקטאָר פון דעם דאָזיגען בלאַט ה' קרושעוואַן ווערד ניש̈ט מיד צו העצען דאָס פאָלק אויף די יודען. נון שניידט ער די תבואה, וואָס ער האָט געזייעט.

— עס האָבען זיך די יודיש̈ע דעפּוטירטע פאָרגעשטעלט פאַר דעם גענעראַל בעקערמאַן, דער קאָמאַנדאַנט פון דעם היגען מיליטער, איהם צו דאַנקען פאַר זיין מיה איינצושטילען דעם פּאָגראָם און איהם בעטען, ער זאָל אויך ווייטער ניש̈ט צו לאָזען צו קיין אומרוהען, פאַר וועלכע מען שרעקט זיך, עס זאָל זיין דעם קומענדיגען קריסטליכען פייער־טאָג. דער גענעראַל האָט צוגעזאָגט צו טון, וואָס ער וועט נאָר קענען, בכדי צו פאַרהיטען, עס זאָל ניש̈ט קומען צו קיין פּאָגראָם. ער האָט אָבער אויך געבעטען, אַז די יודען זאָלען זיך ניש̈ט אַרומטרייבען אין די גאַסען גאַנצע קאָמפּאַניעס־ווייז און זאָלען זיך גיש̈ט נאָכטראָגען קיין שנאה אויף די קריסטען און ניש̈ט נעמען ביי זיי קיין גרעסערע מקחים פאַר עסענוואַרג.

די „דומע" איז זיך משתדל צו דערגעהן דעם ריכטיגען אמת וועגען די פּאָגראָמען. ה' קרופּינסקי, דער פאָרשטעהער פון דעם אַדעל אין בעסאַראַבער גובּ. האָט געזאָגט, אַז לויט זיין מיינונג איז אַ הייליגע פליכט צו דערווייזען אויף קלאָר די שענדליכע אַגיטאַציע, וואָס „קרושעוואַן", דער רעדאַקטאָר פון „בעסאַראַבעץ" און „זנאַמיאַ" האָט אַגיטירט דאָס גאַנצע יאָהר געגען די יודען.

די פּאָליציי און די סליעדאָוואַטעלעס זענען שטאַרק בעשעפטיגט. דער אָסטראָג איז פול מיט די פערברעכער, וואָס האָבען איין אַנטייל גענומען אין דעם פּאָגראָם. עס זענען שוין דאָ איין ערך פון 900. כמעט יעדע שעה געפינט מען נייע פערברעכער, נייע ערטער, וואו עס ליגען בעהאַלטען די גערויבטע זאַכען.

די שטאָדט האָט מען איינגעטיילט אין 22 קוואַרטאַלען, אויף יעדען קוואַרטאַל איז דאָ אַ ממונה, וועלכער קלויבט אויף ריכטיגע ידיעות, וויפיעל יודען עס דאַרפען ברויט.

פון טיראַספּאָל שרייבט מען די „נאָוואָסטי". דער פּאָגראָם פון קישינוב האָט אָנגעמאַכט אַ שרעק אויף די יודיש̈ע סוחרים און איינוואָהנער פון טיראַספּאָל. אַ סך ציהען אַרויס פון שטאָדט, די איבריגע קומען זיך צוזאַמען פון 60 וואָהנונגען אין איין אָרט און דאָרטען זענען זיי די גאַנצע נאַכט. די פּאָליציי גיט גרויס השגחה.

— די שטאָדט לאָדז האָט זעהר פיעל געליטען דורך דעם קישינובער פּאָגראָם. די רייכע לייט פון דאָרטען האַלטען זיך איין עצה ווי צו העלפען די אומגליקליכע.

— דאָס אַרויסשיקען יודען פון קיעוו, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבען מיט אַפּאָר וואָכען פריהער האָט זיך אָבגעהאַלטען; מען רעכענט

אז עס זענען שוין ארויסגעפאהרען איינינע טויזענט יודישע ארימע פאמיליען; דאס רוב פרויען אונ קינדער. די פערמעגליכערע האבען זיך איבערגעצויגען אין די האטעלען. עס האבען זיך פארשפרייט פארשיעדענע קלאנגען, וואס ווארפען ארויף אשרעק אויף די יודישע איינוואהנער.

אין ווארשא האט מען שבת פ׳ תו״מ געמאכט אין א סך בתי מדרשים הזכרת נשמות די הרוגים פון קישינוב. ביי די עליות צעטיילען האבען א סך מנדב געווען פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב. אין נאזיקס שוהל האט מען צונויפגעמאכט ביז 1500 רובל.

דער קישינובער פאגראם האט געווירקט אויף דעם מאסקעווער האנדעל; מעהר פון אלע האבען געליטען די מאנופאקטור־געשעפטען, וועלכע שטעהען אין פארבינדונג מיט קישינוב.

די „פראמישלעני מיר" שרייבט: די ענדע וואך פון „פאסחא" איז דער צושטאנד אין דער בערזע ערגער געווארען צוליב די ידיעה פון דער רעגירונג וועגען די אונרוהען אין קישינוב, אונ חאטש מען האט באלד די אונרוהען איינגעשטילט האט דאך די בערזע מורא, אז דאס זאל זיך נישט אברופען אין אנדערע ערטער, א דאנק קרושעוואנען, וואס הערט נישט אויף צו פארברייטערען שנאה צווישען די פרידליכע בירגער אונ אנהעצען איין פאלק אויף דעם צווייטען. אונז דאכט זיך פונדעסטוועגען, אז די בערזע האלט צו וויכטיג דעם קישינובער פאגראם.

די „ אוו. ווה." זעהט דערפון א ראיה, וואס פאר א שטארקע קראפט די בערזע איז אין די יודישע הענט.

---

די נעמען פון די געהרג׳עטע אונ געשטארבענע פון די וואונדען:

יחיאל זעלצער. משה מאחלין. יהושע בערלאדסקי. קאפל קאינארסקי. יעקב טוניק. אברהם כהן (כאגאן). מרדכי מינדיק. ישראל אולמער. ישראל סעלישטשאיאן. בנימין באראנאוויטש. זוסמאן פאנארזשי. בן ציון גאלאנטער. חיים ליב גאלדעס. דוד חאצקעלעוויטש. שמחה וואולף. הירש ליס. אידל קרופניק. יצחק מאיר קרופניק (זיין זוהן). דראכמאן. מרדכי גרינשפון. יצחק דוד ביעליצקי. יוסף קאנטאר. הירש באלגאר. הירש ניסענזאהן. שמואל ברוך אורמאן, אברהם וויינשטיין. משה חיים רינעל. אהרן בראכמאן. יצחק ראזענפעלד. יוסף הירש גרינבערג. דוד חארידאן. קלמן מאלאוויטש. קיילא מאזא. רייזע קאצאפ. חיה שרה פאנאזשי. עטעל בערגער. פיניע ספיוואק. חיה לאה קיגעלמאן. פיינא וואולער. שמעון פישמאן (10 יאהר אלט). מיכל לאשאק (2 יאהר אלט).

---

אין „בעסער. גוב. וויעד." איז געדרוקט דער דאזיגער אויפרוף:

לייענט, גוטע מענשען!

דעם 6־טען אונ 7־טען אפריל איז אין דער שטאדט קישינוב געוועזען אומרוהען אין די גאסען געגען יודען. א סך, וועלכע האבען פון די אומרוהען געליטען, זענען געבליבען אהן מיטעל, האבען נישט וואו צו וואהנען אונ וואס צו עסען. עס איז נייטיג שנעלע הילף. דער פרויען־קאמיטעט מיט די ערלויבניש פון די שטעדטיש׳ע פערוואלטונג נעמט אן נדבות נישט נאר געלד, נאר אויך אלערליי שפייז־זאכען: פרוכט, צוקער, טיי, ברויט א. ד. ג. מען וועט אין קורצען עפענען א יודישע קיך. עס וועט ארגאניזירט ווערען א פריוט אויף דערוואייל. מען וועט וואס צום גיכסטען אויסבעסערען די וואהנונגען פון די ארעמע אונ איבערהויפט פאר די פאמיליעס, וואס זענען געבליבען אלמנות אונ יתומים א. ד. ג. קומט צו הילף די דאזיגע גוטע זאך, העלפט די וואס האבען געליטען פון דעם צעהיצטען המון, אויף וועלכע עס האבען געווירקט די יום טוב׳דיגע פרעהליכקייט אדער ווילדע נארישע נאציאנאל פיינדשאפט. העלפט יעדער מיט וואס ער קאן — דאס איז אונזער חוב, דאס איז אונזער הייליגע פליכט.

נדבות פון געלד אונ זאכען בעט מען, צושיקען אין דער וואהנונג פון דער פארשטעהערין אין דעם פרויען־קאמיטעט E. A. Уструговой, угол Тостинной и Жуковской, дом Феодосiу.

די פערוואלטונג דער פרויען־קאמיטעט.

---

### פר. מאנדעלשטאמס טעלעגראמע וועגען די פאראומגליקטע.

פראפעסאר מאנדעלשטאם פון קיעוו האט צעשיקט צו די יודישע צייטונגען די דאזיגע טעלעגראמע:

דער קישינובער פאגראם איז איין אומגליק פאר אלע יודען. אלע יודישע פארטייען מוזען באלד שיקען הילף. די ציוניסטישע צענטראל־ראיאנען גרינדען קאמיטעטען אין אלע ראיאנען. דער קיעווער מורשה האט שוין ארויסגעשיקט 1000 רובל אלס ערשטע הילף פון קיעווער ראיאן.

---

## וואס רעדט מען וועגען פאגראם?

וועגען פאגראם אין קישינוב רעדען ניט פיעל צייטונגען, דאס רוב צייטונגען שווייגען אין גאנצען אפ אונ רופען זיך אפילו ניט אן מיט קיין איינציג ווארט, טייל ברענגען נאר דעם פאקט זעלבסט אהן שום פירושים, ווי גלייך דער אונגעוועהנליכער: ומגליק אויף יודען אין קישינוב פארדיענט גאר ניט, מען זאל דערפון רעדען. די געציילטע צייטונגען, וואס רעדען יא וועגען דעם פאגראם, זענען די וואס מיר ברענגען דא.

אויסער די קארעספאנדענציע פון קישינוב, וואס מיר ברענגען אין היינטיגען נומער פון „פעט. וועדאמאסטי", זאגט די צייטונג פון זיך זעלבסט אין א ענפער א געוויסען אנטיסעמיט ה׳ נועליטשקא, דער רעדאקטאר פון „רוסקי וועסטניק", אז א געוויסער טייל פון דער רוסישער פרעסע הערט ניט אויף אנצורייצען פעלקער פון פערשיעדענע אמונות איינס אויף דאס אנדערע, ווי מיר זעהען דאס אין דעם קישינובער פאגראם. זאלען זיי זיך דייטליכער פארשטעלען די ארויסגעווארפענע קינדער פון צווייטען אונ דריטען שטאק אויף דעם שטיינערנעם ברוק, דעם טראסק פון די יודישע צעבראכענע קעפ, דאס צעבראכענע מעבעל אויף שטיקלעך, די ריטשקעס בלוט אונ דער מארך, וואס שפריצט אויף די צעשפרייטע סחורות. זיך געפינען פאר איינעם פון די שולדיגע אין אזוינע בילדער, איז א ודאי ניט

אנגענעהם אונ עס איז א בזיון פאר זיך זעלבסט, נאר ווען ה' וועלימשקא וועט זוכען אין זיין געוויסען וועט ער מוזען מודה זיין, אז זיין פליסיגע פעדער האט פיעל מיטגעהאלפען די בעוועגונג, וואו דער העלד איז ה' קרושעוואן עט קאמפּ. (דער הערויסגעבער פון קישינובער צייטונג „בעססאראבעץ" אונ פעטערסבורגער צייטונג „זנאמיא", וואו ער הערט ניט אויף צו העצען אויף יודען).

די צייטונג „נאוואסטי" מאלענדיג פריהער אין ארטיקעל די שרעקליכע סצענעס פון דעם פאגראם אונ קומענדיג צו דעם שלוס, אז דער קישינובער פאגראם געהט איבער מיט זיין אכזריות אונ רציחות די אמאליגע פאגראמען, זאגט ווייטער:

צעהן טויזענטער אונשולדיגע מענשען האבען פארלארען זייער פארמעגען, זייער פרנסה. ווי נאך א שרעקליכער שרפה אדער איין ערד־ציטערניש בעוויינען איצטער טויזענטער יודען, א גאנצע קהלה, זייערע צעקאליעטשעטע קינדער אונ קרובים, זייערע געשענדעטע פרויען, דעם חורבן פון זייערע הייזער אונ בעל־הבתי'שקייט אונ מוזען איצט אנקומען צו פרעמד ברויט, וואס מען שיקט זיי ארויס פון די נאהענטע שטעדט.

דער אויסגעטראכטער קלאגע, אז יודען האבען געהרג'עט א דיענסטמיידל, וואס האט באמת זיך אליין פארסמ'ט אונ געשטארבען אין יודישען שפיטאל, א פאלשער בלבול וועגען איין עלילת דם, — איז אין מיסטען צעטראגען געווארען דורך צוויי ניט עהרליכע צייטונגען, חאטש עס איז שוין לאנג דערוויזען געווארען, אז אזעלכע בלבולים האבען קיין שום ממש ניט. די גאנצע ציוויליזירטע וועלט אונ אויך די פויפסטען אין רוים האבען שוין לאנג דעם בלבול אבגעלייקענט. אבער זיי איז גענוג געוועזען די צוויי שענדליכע בבא־מעשות. זיי האבען געוואלט, אז א קאמפאניע פון עטליכע שכור'ע באסיאקעס אונ מיט זיי הונדערטער אנגעשכור'טע ארבייטער זאלען אנפאלען אויף יודען, שלאגען אונ דערהרג'ענען זיי, צעראבעווען אונ א תל מאכען פון זייערע הייזער אונ פארמעגען.

די צייטונג פרעגט פאר וואס קאן מען אזוי גרינג אויפרייצען דעם פראסטען עולם מיט פוסטע מעשות פון די אלטע פינסטערע צייטען, ווען עס האט געהערשט די אינקוויזיציע? אונ קומט צו דעם שלוס, אז דער המון איז אונוויסענד אונ ווען עס קומט יום טוב, ווען ער שכור'ט זיך אן, צעשפילט זיך ביי איהם די שלעכטע תאוות. דאן איז גענוג איין געשריי: „שלאגט יודען"! ווירקט עס ווי אמאליגער געשריי: „שלאגט די וואס גלויבען ניט!"

דער עיקר סבה פון די פאגראמען ליגט נאר אין דער אונוויסענהייט פון פאלק, וואס גלויבט אין אלע פוסטע מעשות, וועלכע מען דערצעהלט איהם, אונ דאס פאנאטישע פאלק איז שטענדיג גרייט צו שלאגען די וואס האבען איין אנדער גלויבען.

צום סוף זאגט די צייטונג, אז דער בעסטער מיטעל פאגראמען זאלען אויפהערען, מוז מען גרינדען מעהר פאלקס־שולען, אין וועלכע מען זאל זיי בעקאנט מאכען מעהר מיט די געדאנקען פון קריסטליכען גלויבען, וועלכע לעהרענט ניט טראגען קיין שנאה אויף מענשען, נאר ליבען.

אין א שפעטעריגען נומער זאגט די זעלבע צייטונג:

איצטער קומט פאר די סליעדסטווע, אום זיך צו דערוויסען די אורזאכען, פאר וואס מען האט געשלאגען יודען. מיט אנדערע ווערטער, די סליעדסטווע וויל געפינען די שולדיגע מיט דעם צוועק זיי צו בעשטראפען. דער דאזיגער שטראף האט פאר אונז קיין אינטערעס ניט. די געשיכטע פון די פאריגע פאגראמען האט אונז געוויזען, אז דאס בעשטראפען בעווארענט ניט די פאגראמען, נאר גוטע מיטעל, פארויס ניט דערלאזען צו קיין פאגראמען העלפט בעסער. (ווי מען האט דאס געזעהען אין די 80־טע יאהרען אין דער ליטא, ווען גענעראל טאטלעבען איז געוועזען אין דעם געגענד גענעראל־גובערנאטאר. א דאנק די מיטלען, וואס ער האט פארגענומען, איז אין ליטא קיין איינציגער פאגראם ניט געוועזען).

ווי עס איז בעוואוסט פון די אמאליגע פאגראמען אזוי אויך איצט וועגען קישינובער פאגראם, געפינען די אנטיסעמיטישע צייטונגען די אורזאכע פון די פאגראמען, וואס יודען עקספלאאטירען די קריסטליכע איינוואוהנער, אונ דערפאר בעצאהלען זיי די יודע'ן מיט ראבירען אונ פאגראמען.

„נאוואסטי" פארלאנגט דעריבער, אז מען זאל פרעגען אלע ארעסטירטע פאגראמשטשיקעס, וועלכע מאטיוועז האבען זיי געבראכט דערצו, זיי זאלען אנפאלען אויף יודען אונ זיי ראבירען, וואס פאר א געשעפטען זיי האבען געהאט מיט יודען אונ מיט וואס פיהלען זיי זיך בעליידיגט פון יודען א. ד. ג.

וואס קומט ארויס פון דעם? אלעמען איז בעוואוסט, אז דער פראסטער קריסטליכער המון וואהנען אומעטום בשלום מיט יודען, ובפרט נאך אין בעססאראביע, וואו דאס רוב איינוואהנער זענען די שטילע מאלדאוואנעס אונ כל זמן מען וועט ניט פארמאכען אזוינע קרושעוואנעס די מיילער, מיט וועלכע זיי רייצען אן דעם קריסטליכען המון אויף יודען, וועט קיין בעשטראפען ניט בעווארענען אזוינע ווייטערדיגע אומגליקען אויף יודען.

די צייטונג „וועסטניק יוגא" ווייזט אן גלייך דערויף:

איין זאך קאנען מיר ניט אבשווייגען, אז די שענדליכסטע ראלע האבען אין די דאזיגע בלוטיגע רציחות געשפיעלט געוויסע אנטיסעמיטישע בלעטער. א צייט פון 5 יאהר איז קישינוב אונ יענע געגענד געווען איין ארט, וואו עס האבען געארבייט די פינסטערע העלדען פון מענשען־פיינדשאפט, קרושעוואן מיט זיינע לייטישע חברים אונ האבען ניט אויפגעהערט אנצורייצען א טייל פון דער בעפעלקערונג אויף דעם צווייטען...

מיט דעם בלוט פון די קישינובער הרוגים זענען פארשפריצט די בלעטער פון קרושעוואנס צייטונג, וועלכע הערט איצט נאך אויך ניט אויף צו אנפאלען אויף יודען.

הייגט פרעגט זיך, וואס פאר מיטלען אונ רעצעפטען קאן דא העלפען, ווען אזוינע קרושעוואנעס וועלען ארויס געבען צייטונגען, אום נאר צו אנצורייצען אויף יודען.

כמעט אלע צייטונגען, וועלכע ברענגען די שרעקליכע רציחות, וואס זענען פארגעקומען אין קישינוב, בעשולדיגען קרושעוואנען מיט זיין קאמפאניע אין דעם פאגראם.

די קיעווער צייטונג „קיעווליאנען" געפינט, אז די פאגראמען אויף יודען זענען איין אומגליק נישט נאר פאר יודען, נאר אויך פאר קריסטען, ווייל יודען זענען פעהיגע סוחרים אונ פאבריקאנטען, אויף

געפינט זיך צווישען זיי פיעל פלייסיגע און ניכטערנע בעל־מלאכות און ביי דעם אלעמען האבען זיי די מעלה, וואס בעגניגען זיך מיט ווינציג. „קיעוולאנען" ווענדעט זיך צו אלעמען, ארויסצוטרעטען געגען די ווילדע אינסטינקטען און דערמאנען, „אז די יודען זענען ניט נאר אונזערע מיטבירגער, נאר זיי ברענגען אונז אליין אין דעם גאנצען לאנד דורך זייערע פעהיגקייטען און עהרליכקייט אמת'ע נוצען".

דער „וואסחאד" בעוויינענדיג דעם גרויסען אומגליק, וואס האט געטראפען די יודען אין קישינוב, פרעגט מיט הארץ.

וועגען וואס אייגענטליך איז דא צו שרייבען? וועגען דעם ווילדקייט און אונגעבילדעטקייט פון דעם המון, וועגען דעם אז עס איז נייטיג בילדונג? נאר, גאט מיינער, וועגען דעם האט מען שוין אזוי פיעל געשריבען, ווי בלאס זענען די אלע רעד געגען די שרעקליכע פאקטען, וואס איז פארגעקומען אין מיטען העלען טאג פאר אלע אין די אויגען. מיר יודען ווייסען די פאגראמען — א! מיר האבען ניט פארגעסען די פאגראמען פון די 80־טע יאהרען, נאר אזא פאגראם מיט אזוי פיעל קרבנות איז נאך ניט געוועזען.

בערעגענדיג דאס שרעקליכע אויסזעהען פון דעם קישינובער פאגראם קומט דער „וואסחאד" צו דעם שלוס, אז די אנטיסעמיטישע פרעסע וואלט קיין מאל ניט געקאנט האבען אזא ווירקונג אויף דעם המון, ווען מען זאל ניט געוואהנט זיין צו זעהען דעם יודען שטענדיג אין א בעזונדערע לאגע, דאס טאר דער יוד ניט און דאס מעג ער ניט.

אויף א מענשען, וואס האט ניט קיין רעכטע גלייך מיט אלע מענשען, קוקט דער המון מיט אנדערע אויגען: און עס ווייזט זיך איהם אויס, אז אזא מענשען מעג מען טון שלעכטעס און ניט צו בעשטראפט ווערען.

אט אין דעם ליגט איינע פון די הויפט־אירזאכען, וואס אזוינע קרושעוואנעס מיט אזוינע צייטונגען ווי „בעסאראבעץ" קאנען אזוי גרינג ווירקען מיט זייער אנרייצען דעם המון אויף יודען.

דער „הזמן" דערמאנט זיך אין די פאגראמען פון די 80־טע יאהרען.

בשעת עס איז דאס ערשטע מאל אנגעקומען אין פעטערסבורג די ידיעה וועגען דעם יעליסאוועטגראדער פאגראם אין יאהר 1,882 האט די יודישע אינטעליגענץ נישט געוואלט גלויבען. די צייטונגען האבען זיי געזאגט, זענען צופיעל מגזם. ערשט אז עס זענען געקומען מענשען, וואס האבען אליין מיט זייערע אויגען עס צו געזעהען, האבען זיי געגלויבט און דער רעש איז געווארען שרעקליך גרויס. היינטיגע ידיעות, וואס קומען פון קישינוב, גלויבט מען שוין. די לעצטע 20 יאהר האבען אונז אויסגעלעהרנט אלץ צו גלויבען. מיר האבען זיך נאך נישט אויסגעהיילט פון די וואונדען, וואס מיר האבען בעקומען אין די 80 ער יאהרען, דער פאגראם אין קישינוב איז נאר א המשך פון יענע פאגראמען, נאר שרעקליכער, אכזריות'דיגער. דענסטמאל האט מען נאר יודיש פארמעגען גערויבט — היינט האט מען אויך יודיש לעבען גערויבט. נאר פון דעסטוועגען האבען זיך די ליבעראלען דעמאלט פארנומען מיט דער ביטערער פראגע אסך מעהר ווי היינט. א חוץ די „נאוואסטי", וואס דער רעדאקטאר איז א יוד און די פעט. וויעד. וועלכע דער פירסט אוחטאמסקי רעדאגירט, האט קיינער זיך נישט אנגענומען פאר די פעראומגליקטע יודען. ווען דאס וואלט נישט פאסירט אויף יודען, נאר אויף איין אנדער פאלק, ווי למשל די לאטישען, די עסטלענדער; ווען מען וואלט פון זיי אויסגעהרג'עט 40 מענשען און בערויבט טויזענטער מענשען, וואלט די גאנצע אייראפעאישע פרעסע געלארעמט, אבער פאר יודען ווער וועט זיך אן נעמען? אמת אין אנויט זענען יודען אויך מענשען, אבער מרעיש עולמות זיין צוליב זיי איז נישט כדאי.

מיר קענען דערפון א סך לערנען, מיר קענען דערפון זעהן, אז מיר האבען זיך נישט צו פארלאזען אויף פרעמדע הילף, אז מיר מוזען זיך אליין זעהען צו העלפען.

אין „פריינד" געפינען מיר די דאזיגע ווערטער וועגען דעם גרויסען אומגליק פון די קישינובער יודען.

מיר אלע וואס פארשטעהען, אז דער אומגליק האט געטראפען נישט נאר קישינובער יודען, נאר דאס גאנצע יודישע פאלק, מיר מוזען דערווייל זעהען און טראכטען, וואס גיכער צו הילף צו קומען די ארעמע קרבנות פון קישינובער אונרוהען, נישט נאר גרינגער צו מאכען זייער נויט, נאר געבען זיי אויך די מעגליכקייט, ווידער צוריק צוקעהרען צו זייער געוועהנליכען לעבענסגאנג, וואס איז אזוי פלוצלינג אויפגעהאלטען און איבערגעריסען געווארען דורך די רויהע האנט פון רויבער. העלפט אונזערע קישינובער ברידער, באלדיגע הילף איז איצט נייטיגער פאר אלץ.

---

## פאליטישע ענינים.

— דער ענגלישער קעניג עדוארד דער זיבעטער איז איצט ארום געררייזט אין אייראפא. פריהער איז ער געוועזען אין רוים און האט בעזוכט דעם איטאליענישען קעניג וויקטאר עמאנועל אין זיין שלאס אין קווירינאל, פון דארטען איז ער געפאהרען ביי דעם ענגלישען געזאנדטען אין רוים און דערנאך האט ער בעזוכט דעם פאפסט לעא דעם דרייצענטען. צו לעצט איז ער געפאהרען נאך פאריז, וואו דער פראנצויזישער פרעזידענט לובע האט איהם עמפפאנגען.

— צו דעם שפאנישען פארלאמענט זענען געוועהלט געווארען 240 ליבעראלען, 73 רעפובליקאנער, 31 קארליסטען און 45 פון פארשידענע אנדערע פארטייען. אין דער שפאנישער שטאדט מארגעריטא זענען געווען שטארקע אונרוהען, ביי וועלכע 6 מענשען זענען שווער פארוואונדעט געווען.

— מען רעדט, אז דער פרעפעקט (פאליצייי־מייסטער) פון מאדריט און דער מיניסטער דעם אינערן וועלען אראפ פון זייערע שטעלען איבער די אומרוהען, וואס די סטודענטען האבען נישט לאנג געמאכט אין שפאניע.

— די מאקעדאנישע קאמיטעטען האבען זיך געפריוט צו צערשמעטערען מיט דינאמיט אין 50 ערטער אין סאלאניקי און די דעביאינע ערטער. די אבטיילונג פון דער אטאמאנישע באנק און מעטאלישע באנק איז אבגעברענט; מען זאגט, אז די געלד קאסעס פון ביידע באנקען האט מען ארויסגעראטעוועט. געגען די אויסלענדישע קלובען און איינינע רעסטאראציעס האט מען געווארפען באמבעס. דאס מיליטער און פאליציי מיט זשאנדארען האבען נאכגעיאגט די

בונטאווטשיקעס, עס איז אויך געקומען צו געשלעג. וועלכע האט געדויערט ביז האלבער נאכט. פון דעם אייזענבאהן-פערזאנאל איז נאר פארוואונדעט דער אויפזעהער אויף דער מאסטערסקאיא. דער וואלי מיט דעם קריגס קאמענדאנט זענען געקומען ביי דער שרפה און האבען געהייסען ארומרינגלען די גאסען מיט חיל און מען זאל שטרענג בעוואכען די קאנסולאטען און די הויפט-געביידען. דער וואלי האט צו געזאגט די קאנסולען צו בעשיצען די אויסלענדער. א חוץ איינינע שולדיגע פארברעכער און בעוואפענטע בולגארען האט מען אויך ארעסטירט פיעל, אויף וועלכע עס איז געפאלען א חשד. עס הערשט גרויס אומרוהען; דער האנדעל איז איינגעשטעלט. די טערקישע רעגירונג האט אנגעווענדעט אלע מיטעל צו היטען די אויסלענדער און די אייגענע אונטערטאנען; דאס חיל איז פארשטארקט מיט 4 באטאליאנען פון סמירנא. דער גרויס-וויזיר האט די דיפלאמאטען צו געזאגט, אז עס וועט זיין רוהיג. אין סאלאניקי האט מען אויך חרוב געמאכט דעם דייטשען קלוב; דריי מיטגלידער זענען פארוואונדעט, איינער גע'הרג'עט, דער פארוואלטער פון דעם דייטשען קאנסולאט איז לייכט פארוואונדעט. דער מאגאזין פון נאפט ביי דער אייזענבאהן און א דייטשע שולע, האבען אויך געליטען פון די באמבעס.

---

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

די מאנאכען (גייסטליכע) פון קארטעזיאנסק אין פראנקרייך, האבען זיך בעפעסטיגט אין זייער קלויסטער, פון וועלכע זיי האבען, לויט די געזעץ פון דער רעגירונג, געדארפט ארויס דעם פאריגען מיטוואך. די רעגירונג האט געשיקט א פאלקאווניק זיי פון דארט מיט געוואלד ארויסצוטרייבען. דער פאלקאווניק, וועלכער האלט אויך מיט די גייסטליכע, האט זיך אבגעזאגט פון זיין שטעל און זיין ארבייט האט מען איבערגעגעבען צוויי ריטמייסטערס פון דעם אייגענעם פאלק און זיי האבען מיט אייזענס און העק צעבראכען די טויערען פון קלויסטער און אלס זיי זענען אריינגעקומען אין קלויסטער האבען זיי קיין לעבעדיגען נפש דארטען נישט געטראפען. אלע מאנאכען זענען געוועזען בעהאלטען אין זייערע חדרים'לעך און געזונגען קאפיטלען תהלים. די סאלדאטען האבען זיי געמוזט אויף די הענד ארויסטראגען פון זייערע קאמערלעך.

— די „אגענס האוואס“ מעלדעט אויס ריסטאוואק, וואס איז ביי דער סערביש-טערקישען גרענעץ, אז די פאליציי אין סאלאניקי האט ענטדעקט אונטער די הויפט-טיילען פון שטאדט גראבענס און מינעס, וועלכע זענען געוועזען בעשטימט די גאנצע שטאדט צו זעצען אין דער לופטען, איין ערך פון 1000 בונטאווטשיקעס זענען ארעסטירט, דערפון וועט מען 300 פערארטיילען צום טויט.

— דער דייטשער קייזער ווילהעלם איז אנגעקומען אין רוים. דער איטאליענישער קעניג וויקטאר עמנואל האט איהם עמפאנגען, דער דייטשער קייזער האט אויך בעזוכט דעם פאפסט.

— דער רוסישער קייזער האט בעגנאדיגט דעם אלבאניער איבראהים, וועלכער האט ערמארדעט דעם רוסישען קאנסול שצערבין אין מיטראוויצע און בעפויהלען, אז מען זאל איהם נישט הענגען, נאר פארשיקען אויף איביגע קאטארזשנע.

## II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** הרב הגאון הגדול ר' יוסף שליפער, דער רב פון סלאנים (גראד. גוב.) איז דעם ערשטען טאג אין חודש אייר געשטארבען.

— שבת פרשת שמיני איז אבגעברענט געווארען די שטאדט ראדען (ווילנער גוב'.) 150 פאמיליעס זענען געבליבען אהן א הויז וואו צו וואהנען. דען פון די גאנצע שטאדט זענען געבליבען נאר איינינע הייזער און בתי מדרשים. דאס אומגליק איז שרעקליך, דען נאר א גאנץ קליינע צאהל הייזער זענען געווען פערסטראחירט. הילפע איז נייטיג.

ווי די ווארשעווער פאלנישע צייטונגען שרייבען בעקומט ה' ש. האכבערג, וואס איז פארטרעטער פון דער רוסישען טעלעגראפען-אגענטור אין לאדז, איין ערלויבניס אויף א טעגליכער רוסישער צייטונג צו דרוקען אין לאדז מיט דעם נאמען: „לאדזינסקי פראמישלעני וויעסטניק“. ווי מיר האבען געהערט וועט די צייטונג זיך אבגעבען מעהרסטענטיילס מיט האנדעלס זאכען, ווייל לאדז אלס פאבריק-שטאדט אינטערעסירט יעדען סוחר מיט איהר רייכער אינדוסטריע.

---

# דער פראצעס וועגען דרייפוס.

יוסף ריינאק, וועלכער גיט-ארויס א בוך וועגען דעם משפט דרייפוס, האט נישט לאנג אבגעדרוקט א בריף צו פארליי דע בורבאן, וועגען דעם באורדערא מיט דעם דייטשען קייזערס אנמערקונגען. אין זיין בריף ברענגט יוסף ריינאק א בריף פון דעם געוועזענעם דייטשען געזאנדטען אין פאריז גראף מינסטער און אין דעם דאזיגען בריף שרייבט מינסטער צו ריינאק, אז די לעגענדע וועגען בריף פון דייטשען קייזער אדער וועגען א בארדערא מיט אנמערקונגען פון דייטשען קייזער איז א נארישע, אויסגעטראכטע מעשה. דער גראף מינסטער שרייבט ווייטער אין זיין בריף צו ריינאק, אז דער אמת'ער פארברעכער איז געוועזען עסטערהאזי, אז שווארצקאפען האט תמיד געהאט מיט עסטערהאזען שפיאן-געשעפטען. איך האב מיר ערלויבט, שרייבט ריינאק ווייטער אין זיין בריף צו פארליי דע בורבאן, אנצופרעגען דעם דייטשען געזאנדטען גראף מינסטער איינינע ידיעות, וואס איך האב נייטיג געהאט צו מיין בוך: „די געשיכטע פון דרייפוסעס משפט“, דערויף האב איך בעקומען פון גראף מינסטער דעם דאזיגען ענטפער.

בעסטער הער ריינאק!

מיין אמט שטערט מיר נישט דיר צו ענטפערען אויף דיינע פראגען, איך האב גאנץ גוט געוואוסט די אונטערהאנדלונגען, וואס עסטערהאזי האט געהאט מיט שווארצקאפען. שווארצקאפען האט געוואוסט, אז איך האב נישט ערלויבט צו פיהרען בסוד שפיאנעריי אין פראנקרייך און דעריבער האט ער מיר גאר נישט געזאגט, אז ער האט עפיס צו טון מיט עסטערהאזען. אז עס האט זיך אנגעהויבען דער ענין דרייפוס האב איך געפרעגט שווארצקאפען, אויב ער ווייסט וואס פון דרייפוסען, האט ער מיר געענטפערט און פארזיכערט, אז ער ווייסט פון קיין שום דרייפוס נישט. איך האב מיך געווענדעט צום דייטשען קריגס-מיניסטער און צום גענעראל-שטאב אין בערלין און זיי האבען מיר אויך דאס אייגענע געענטפערט.

אין יאהר 1897, דערצעהלט ווייטער ריינאק אין מינסטערס נאמען, האט זיך שווארצקאפען פאר מינסטער'ן מודה געוועזען, אז ער האט געקויפט פאפירען פון עסטערהאזען. מינסטער דערמאנט אין זיין בריף ברמיזה אויף די סצענע, וואס איז פארגעקומען אין 24 אקטאבער 1897 צווישען עסטערהאזען און שווארצקאפען. אז עסטערהאזי איז געקומען צו שווארצקאפען מיט א פיסטאלעט אין האנט און האט

איהם געסטראשעט, אז אויב ער, שווארצקאפען וועט נישט פובליצירען, אז ער האט בעקומען דעם בארדערא פון דרייפוסען, וועט ער זיך נעמען דאס לעבען, אונ אז שווארצקאפען האט עסטערהאזען פשוט ארויסגעטריבען.

ריינאק זאגט ווייטער, אז ביז היינט האט ער זיך נישט געוואלט מיט מינסטער'ס בריף בענוצען, ער האט געוואלט, אז פון פראנקרייך אליין זאל ארויסקומען דער אמת, נאר אזוי ווי פארליי דע בורבאן האט זיך בענוצט מיט אזוינע ידיעות, וואס זענען געשעפט פון דער לופט, האט ער, ריינאק, נישט דאס רעכט צו בעהאלטען מינסטערס בריף וואו עס שטעהט דייטליך, אז עסטערהאזי איז דער אמת'ער ליוועראנט ביי שווארצקאפען אונ ער איז דער ריכטיגער מחבר פון בארדערא.

נאך א בריף איז אבגעדרוקט פון פרוי מאטילדע בוימלער, וועלכע זי האט געשריבען צום פראפעסאר גבריאל מאנא. אין דעם בריף זאגט פרוי בוימלער, אז אין דעם צעטעל פון די שפיאנען, וואס איהר מאן וועסעל העלמיט האט איבערגעגעבען צו פייבוראווסקי, איז דער נאמען דרייפוס נישט געוועזען דערמאנט, נאר טשערנוסקי מיט זיינע שותפים אונ נאך איינינע פון די הויכע אינטעליגענץ האבען דען נאמען דרייפוס צו געשריבען. פרוי בוימלער ענדיגט איהר בריף, אז זי איז גרייט אויף אלץ וואס זי שרייבט צו שווערען פאר געריכט.

---

## קארעספאנדענציעס.

קישינוב. דריי חלקים פון די איינוואהנער זענען געבליבען, אז זיי האבען ניט אפילו אויף איין טאג מיט וואס איבערצוקומען. מע האט פשוט גאנץ פריי, אין מיטען העלען טאג, געראבעוועט, געריסען פערינעס אונ זיי צעשפרייט אין דער לופטען, אז די גאסעז זענען באדעקט געווארען ווי אים ווינטער אין א גרויסען שניי. עטליכע שוהלען האט מען חרוב געמאכט, ספרי־תורות צעריסען אונ נאך שרעקליכע זאכען. געהרג'עט זענען געווארען 45 מענשען, וועלכע מע האט אין 3 טאג ארום געבראכט צו קבר ישראל. דאס יודישע שפיטאל איז איבערפולט מיט פארוואונדעטע, אונטער וועלכע עס זענען דא א סך, וואס האבען קיין האפנונג ניט געזונט צו ווערען, אנדערע וועלען בלייבען אייביגע קאלעקעס אדער מיט צייכענס. אין די גאסען, וואו מע געהט אונ מען שטעהט באגעגענט מעז פארוואונדעטע. עס איז נישטא איינער פון גרוים ביז קליין, וואס האט ניט געליטען, מע איז אנגעפאלען אונ חרוב געמאכט פונקט ווי דער היישערעק פאלט אויף דער תבואה אונ איידער מען קוקט זיך ארום בלייבט ניט פון איהם קיין ברעקעל, אזוי האט מען יעדען איינציגען צעבראכען אויף שטיקלעך, אז עס איז ניט געבליבען א בענקל, אויף וואס זיך צו זעצען אדער א בעטל, וואו דעם קאפ אנצושפארען. מען האט איין געוועלב ניט אויסגעלאזט ביז מע האט ניט די סחורה אין גאנצען ארויסגענומען אונ נאכהער אונטערגעצונדען, וואו צעשיט, אונ וואו צעריסען, אזוי אז מען קאן דאפיר איין גראשען ניט אבמאכען. מענשען, וואס זענען נעכטען גערעכענט געווארען פאר גבירים, בעטען היינט ברויט. עס איז אין שטאדט א גרויסער הונגער, ווארום זונטאג דער לעצטער טאג פסח האט זיך שוין אנגעהויבען דאס אומגליק אונ די בעקערס, גלייך ווי אנדערע, האבען נאך גאר ניט אספייעט זיך ארום קוקען וואו זיי זענען. האט מען שוין די אויוועגס מיט דעם געצייג צעבראכען. יודישע העלפערס זענען געראנעט אונ קריסטליכע האבען גענומען טייל אין פארברעכען אונ זענען פארשפארט. ווידער איז קיינעם איצט גאר ניט אין זינען. עס איז אזא פחד אין שטאדט, אז יעדער איינציגער ציטערט ווי א פיש אין לופט, ער ווייסט ניט אויף וואס פאר א וועלט ער געהט ארום. דערווייל האט מען אריינגעבראכט פון אדעס 2 וואגאן ברויט אונ מע טיילט יעדען בעזונדער, וועמען אומזיסט אונ וועמען פאר קליינע צאהל. אין דער יודישער קיך פאר ארימע טיילט מען אלע טאג אומזיסט געקעכטס מיט ברויט, אונ אויף איניגע ערטער אין דער שטאדט טיילט מען ברויט אומזיסט, בכדי זיי זאלען ניט דארפען געהן ווייט, ווען זיי ווערען הונגעריג. מע האט אבגעדונגען 3 זאלען פאר די ליידענדע, אז זיי מיט זייערע קינדער זאלען זיך דערווייל ניט וואלגערען אויף די גאסען אונ זאלען האבען דעם קאפ וואו אנידער צו לייגען. איצט איז געקומען פון פעטערסבורג דער דירעקטאר פון פאליצייסקע דעפארטעמענט, אונ א דעפוטאציע פון 15 מענשען, וועלכע זענען אויסגעוועהלט געווארען, האבען זיך פאר איהם פארגעשטעלט אונ האבען איהם אויספיהרליך איבערגעגעבען, ווי דאס אלעס איז געשעהען אונ אנגעוויזען אויף א סך, ווער איז אין דעם שולדיג. ער האט זיי געענטפערט, אז ער וועט אנווענדען אלע מעגליכקייטען, אז מע זאל אלעס אין ארדנונג ברענגען אונ בעשטראפעז די אלע, וואס האבען א טייל גענומען אין דער זאך, אויך די וואס האבען געדארפט היטען, אז עס זאל ניט קומען צו דעם אונ האבען עס ניט געטאן. אויך איז איצט דא דער אדיוטאנט פון דעם אדעסער גענעראל־גובערנאטאר. די שטאדט איז איצט שטארק בעוואכט מיט מיליטער. דער אסטראג אונ אלע פאליציי־ערטער זענען פארפולט מיט די פארברעכער אונ טאג אויף טאג ברענגט מען אנדערע, אז עס איז שוין קיין ארט פאר זיי נישטא. נאר נאך אלעמען איז די שטאדט אין א גרויסען קריטישען שטאנד, נאר איין גאט ווייסט וואס עס קאן זיין. עס איז גאר ניט מעגליך פאר דער קליינער צאהל, וואס זענען געבליבען אונ מע האט זיי ניט אנגעריהרט, אז זיי זאלען אויסהאלטען 10 טויזענטער אומגליקליכע מענשען. הילף איז זעהר נייטיג אונ ווער עס פיהלט דעם צווייטענס נויט טאר ניט פארגעסען אין די אומגליקליכע מענשען, וואס נייטיגען זיך אין א שטיקל ברויט.

אברהם ניסענבוים.

---

קראקא. דער פאגראם אין אוהנוב (גאליציע) איז געוועזען, ווי מען שרייבט פון דארט, נישט בלויס א פאנאטישע, נאר אויך א פאליטישע נקמה. די רוסישע איינוואהנער פון דעם שטעדטל זענען בייז אויף די יודען, ווייל ביי די וואהלען צום לאנדטאג אונ צום רייכסראט האלטען זיי תמיד מיט די פאלאקען אונ געבען זייערע שטימען. ביי די פאגראמען האבען די פויערן געשריגען צו די יודען: „נו, ווי זענען איצט די פאלאקען? פאר וואס קומען זיי אייך נישט ראטעווען?" צווישען די פאגראמשטשיקעס, וואס זיצען שוין אין טורמע, געפינען זיך אויך בעאמטער, וואס געהערען צו די רוסישע איינוואהנער פונ'ם שטעדטל: א געמיינדע־ראט, א געמיינדע פאליציסט, איין אמטסדיענער אונ א פארטרעטער פון דער גאליציש־

רוסישען אסעקוראנץ־געזעלשאפט „רגיעסטער". ביי יעדעם טרויריגען עראייגניס דערציילט דאס פאלק געוועהנליך נסים ונפלאות. אין אוהנוב דערציילט מען שוין אויך א נס: ביי די פאגראמען האט א פויער איבערגעשנ׳מ׳ן אלע ערוב־דראטען פונ׳ם שטעדטל. דעם אנדערען טאג איז דער ראזינער פויער געפאהרען אויף א וואגען אונ איז מיט דעם וואגען אומגעפאלען אונ איז געהרג׳ט געווארען. ל.

## ליטעראטור אונ קונסט

– די ציוניסטישע פארטיי „מזרחי" האט בעשלאסען ארויסצוגעבען א מאנאטליכען זשורנאל מיט דעם נאמען „המזרח". דאס בלאט וועט רעדאגירט ווערען פון זאב יעבץ אונטער די השגחה פון לידא׳ר רב ר׳ יעקב ריינעס אונ וועט געדרוקט ווערען אין קראקוי.

– אין קאוועל (וואהל. גוב.) האט מען ניט לאנג געשפיעלט שלום־עליכמ׳ס קאמעדיע „צעזייעט אונ צעשפרייט". דאס שטיק איז שטארק געפעלען דעם גרויסען עולם אונ האבען א צייט געקלאפט „בראווא".

– אין לאדז אין „גרויסען טהעאטער" ווערד איצט געשפיעלט די „מילאנען" פון שלום־עליכם איבערגעארבייט אין א קאמעדיע פון דעם בעוואוסטען יודישען ארטיסט ה׳ פישזאהן, דאס שטיק געפעלט אזוי דעם עולם, אז מען שפיעלט עס יעדען אבענד.

## אויפרוף.

אונז האט מען צוגעשיקט דעם דאזיגען בריף:

ברידער ציוניסטען!

וואס עס האט זיך פאסירט אין קישינוב ווייסט איהר שוין אונ איך דארף אפילו קיין איינציגען ווארט ניט צולעגען. — אז מיר דארפען העלפען אונזערע אומגליקליכע ברידער פארשטעהט איהר אונ פיהלט אלס יודען גאנץ גוט; אבער, אז מיר דארפען זיי העלפען, ווען נישט אלעמען, על כל פנים א ביסל, אלס ציוניסטען, איין אייביגע הילף, דערויף וויל איך אייך אויפמערקזאם מאכען. — איך לעג פאר א פראיעקט, אז מיר זאלען שיקען אונזערע נדבות צו אונזער טייערען חבר כהן־בערנשטיין, צו גרינדען א פאנד פאר די יתומים, וואס זייערע עלטערן זענען געהרג׳עט געווארען בשעת דעם פאגראם. — די דאזיגע יתומים זאל מען שיקען אין אונזער הייליג לאנד פאלעסטינא. דארטען זאל מען זיי ערציעהען אונ אז זיי וועלען גרויס ווערען אונ וועלען זיך קאלאניזירען, וועלען זיי לעבען גליקליך אונ פארגעסען די יודישע צרות מיט זייערע ביטערע פאלגען.

אברהם מענדיל אוסישקין.

יקטרינסלב אייר.

דער ד״ר כ״ב וועט דרוקען די נעמען פון די מנדבים אונ די סומע פון זייערע נדבות אין די יודישע צייטונגען. איך שיק איהם מיין נדבה 50 רובל.

הנ״ל.

## קול קורא פון קישינוב.

דער קישינובער קאמיטעט צו העלפען די פאראומגליקטע האט אונז צוגעשיקט א קול קורא מיט די ווערטער:

„דאס שרעקליכע אומגליק, וואס האט געטראפען די קישינובער יודען, וועלכע האט חרוב געמאכט טויזענטער משפחות, לעגט ארויף אויף די פארשטעהער פון דעם קאמיטעט א שווערען אונ פאראנט־ווארטליכען חוב — צו קומען צו הילף די אומגליקליכע אונ דער־שלאגענע, זיי צו געבען די מאכט זיך חאטש אביסל צוריק אויף די פיס צו שטעלען, זיי זאלען חאטש נישט בלייבען אזוינע אביונים ווי זיי זענען געווארען אין א משך פון צוויי, דריי טעג.

טויזענטער פאמיליען פון פארשידענע קלאסען, וואס כמעט אלע זענען געוועזען בעלי מלאכות, וואס האבען זיך מפרנס געוועזען פון זייער שווייס, מענשען וועלכע האבען שווער געארבייט ווי פוהר לייט, קליין־קרעמער, אויך קליינע אונ גרויסע סוחרים, זענען אין גאנצען חרוב געווארען, די וואהנונגען צעבראכען, דאס מעבעל אונ אנדערע הויז־ווירטשאפט, קליידער אונ וועש האט מען צעריסען, געלד אונ ווערט־פאפירען האט מען צע׳גנב׳עט. איין ערך פון 50 הרוגים, 85 שווער פארוואונדעטע אונ ביז 400 לייכט פארוואונדעטע, א סך פרויען געשענדעטע. דאס רוב זענען פשוט געבליבען אונטער׳ן בלויסען הימעל אונ האבען נישט וואו א קאפ אנידערצולעגען, אהן עסען אונ קליידער.

די ערשטע הילף ווי ברויט, ווארימע זופ אונ איין ארט פאר די וואס האבען נישט וואו צו נעכטיגען האט שוין דער היגער קאמיטעט געגעבען, וועלכע א חוץ דעם נעמט זי אויך צונויף נדבות, צו ברענגען א גרעסערע הילף. נאר די צרה איז אזוי גרויס, אז די קליינע הילף קאן אפילו קיין צעהנטייל פון די אומגליקליכע נישט העלפען. דער שאדען בעטרעפט אין די מיליאנען אונ מיט איינציגע צעהנדליגע טויזענט קאן מען קיין סך נישט העלפען. א גרויסע סומע געלד דארף מען נאר האבען אויף עסען אליין.

עס איז נייטיג א סך הילף פון פרעמדע, אונ מיר ווענדען זיך מיט א בקשה צו אלע גוטהערציגע, זיי זאלען אין זייערע שטעדט צוזאמען נעמען נדבות וויפיעל עס איז נאר מעגליך אונ אונז צושיקען. דאס מיטפיהלען וואס מען האט מיט אונז מיטגעפיהלט אין די שווערע יקרות־יאהרען, גיט אונז האפנונג, אז אויך איצט אין אזא שרעקליכע צרה וועלען אונזערע ברידער אונז העלפען.

אונטערגעשריבען זענען די מיטגלידער פון דעם קאמיטעט:

ד״ר י. ס. מוטשניק, ד״ר י. מ. בערנשטיין־כהן, אלישע היילפערן, מ. גראסמאן, ע. ס. קעניגשאץ, ישראל קופערוואסער, מ. קלוגמאן, י. מ. קראסילשציק, ש. פערלמוטער, ע. י.ריידעל, צ. ראזענפעלד מ. ב. סלוצקי, מ. פוקעלמאן, ראבינער מ. ס. עטינגער.

## פארצייכניס.

פון די וואס האבען איינגעשיקט פאר דעם זאמעלבוך „הילף". די גאנצע הכנסה איז בעשטימט פאר די פאראומגליקליכטע יודען אין קישינוב.

(פרייז פיר איין עקזעמפלאר 1 רובל מיט פארטא).

ווארשא: ל. שאלקאוויטש, י. ראמבערג, א. לעווין־עפשטיין, צו 5 עקזעמפ.; מ. ספעקטאר 6 עקז., מאיר אייזענשטאדט, ש. ז. גוטמאן, ז. הורוויץ (פעטערסבורג), צבי יפה צו 3 עקזעמפ. שאול האכבערג (לאדז) 2 עקז., ה. גאלינטערניק 2 עקז., מ. פרייד 1 עקזעמפ.

שקודע, יוסף טאנער, אברהם שעפקינד, טוביה בערנשטיין צו 1 עקזעמפ. — ס״ה 36 רובל.

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג „פאלקסבילדונג".

Herausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v. S. L. Deutscher Podgorze b. Krakau.